י. ל. פרץ

# חסידיש

צווייטער באַנד

אַרויסגעגעבן פון דער „מאָרגן־פרייהייט"

מיט רער דערלויבעניש פון ב. קלעצקין פאַרלאַג, פוילן

# אינהאַלט

# שהשמחה במעונו

זיי שרייען אַלע אין איינעם: עולם הזה!

עולם־הזה ווילן זיי, לוסטיג ווילן זיי זיין, פריילעך... שמחה ווילן זיי האָבן, א טעם פון לעבן פילן...

און איך זאָג אייך: שהשמחה במעונו...

דער קוואַל פון שמחה איז ער... פון אים שטראַלט זי אַרויס!

שמחה שטעקט אין דער תורה, אין מצוות און מעשים טובים, אין נשמות פון צדיקים, — אין אַלעם דעם, וואָס האָט א יניקה פון דאָרט; פון גלאַנץ פון כסא הכבוד!

אויפ'ן גאַנצן עולם הזה — זאָג איך אייך — ליגט א טרויער, א מרה־שחורה; אַלץ איז איינגעטונקט און איינגעהילט אין עצבות, אין אומעט...

וואָרן וואָס? ולשמחה מה זו עושה? מיט וואָס האָט מען זיך צו פרייען?

און דעריבער דאַרף יעדע זאַך תיקון... יעדע זאַך מוז אויס־געלייזט ווערן פון דער מרה־שחורה, פון דער פאַרגליווערטקייט, אין וועלכער אַלץ פאַרפאַלט, אָן דעם שטראַל פונזיין גנאָד!

---

א „והא ראיה":

מיר טרינקען און זיי טרינקען...

וואָס פאַר א טעם האָט א טרונק בראָנפן אין שענק... און— וואָס פאַר א טעם האָט א טרונק־בראָנפן אין שטיבל ביי א סיום, ביי א יאָרצייט, אָדער גלאַט א פשוט'ן שלש־סעודות!

ביי זיי לאָזט זיך דער בראָנפן נישט טרינקען, און עס גלוסט זיך אים גאָרנישט צו טרינקען; נאָר דער יצר־הרע הייסט! ער רעדט אָן און זיי פאָלגן... דעריבער נעמט מען א קאָפּ און מען פארקרימט זיך — די נשמה אין מענטש שרומפּט זיך איין, ציט זיך צוזאמען פאר ווייטאָג, דעריבער פאלט איין די הויט און קנייטשט זיך ווי א פארמעט...

מאכט מען אָבער איבער דער משקה א ברכה, טרינקט מען זי לשם מצוה, איז מען זי מתקן... לאָזט זיך די משקה טרינקען און די נשמה האָט נחת פון טרינקען און וויל טרינקען!...

---

זיי רימען זיך, אז זיי עסן מיט דרך־ארץ!

נו, האָב נישט קיין דרך־ארץ, אז מען איז פארגליווערט, פאר־שטארט און פאר׳חושכ׳ט ווי אן אלטער, איינגעפאלענער קוימען, וואָס האָט שוין לאנג קיין פונק פייער נישט געזען...

זיצן זיי טאקע שטייף און קאלט ווי אייז: איינער קען דעם צווייטן נישט ליידן, א טאטע מיט א זון קענען פון איין שיסל נישט עסן! אפילו זאלץ־מעססטעלעך שטעלט מען יעדן באזונדער... פונ־וואנען־זשע זאָל זיין שמחה?

שמחה שטעקט אין דער נשמה, און וואָס האָט די נשמה דער־פון, אז דער גוף פרעסט?

און דאָס איז טאקע דער סוד פון תרומות ומעשרות, פון חלה נעמען, פון פארצייטישע אָרימע סעודות, פון אן אורח בעטן צום טיש... פון ברכות מאכן, פון זמירות זינגען...

זיי ווילן פריילעך זיין! גאָרנישט אָפּגעטיילט פאר א מצוה־זאך, אָן א ברכה, אָן זמירות, און נעמט מען פאר בושה אהיים אן אורח, זעצט מען אים אוועק ביי די דינסטן אין קיך...

אין קיך איז אפשר פריילעך — נאָר אין די שטיבער, זאָג איך אייך, אין די שטיבער איז טויט, טויט, ווי אלע טויטע!

---

איך הער ווי איר לייענט אייערע שירים...

פון דער לבנה האָט איר שטאַרק נחת... איך הער דאָך: די שיינע, זיסע, בלאַסע לבנה, זאָגט איר... און פון כוכבים ומזלות רעדט איר מיט ליוב, און אויך פון דער טבע, פעלדער, וועלדער, טייכן...

איך זאָג אייך: פרישע לופט איז, אמת, בפרט, אז מען ליידט אויף דער ברוסט — א רפואה־שלמה! נאָר שמחה אין דער טבע האָב איך געפילט (איך בין דאָך אויך אמאָל יונג געוועזן) פאַר הושענא־רבה... פאַרטאָג — א גרויער הימל — שטיל, — צווישן סטראָסטינעס רינט דער טייך... — פּיק־פּיק! רופט זיך פון ערגעץ אָן א נפש'ל,—טס־טס!—און אנדערש... און איך גיי מיר, ביים ברעג, און שנייד מיר הושענות...

פון כוכבים ומזלות איז דאָך נישטאָ וואָס צו ריידן... נאָר די לבנה, פון וואָס מיינט איר האָט זי איר חן באַקומען?

פון אונזער קדוש־לבנה!...

גלויבט מיר, ווען נישט קדוש־לבנה, ווען נישט דאָס ליכט, וואָס מיר שיקן אַרויף צו דער לבנה — וואָלט זי אויסגעזען נאַריש, גאָר נאַריש, אזוי נאַריש, ווי א צינערנער הקדש־טעלער!

---

נאָך א והא־ראיה—אן אמת'ע מעשה!

אַמאָל איז געווען א בן־מלך, איז ער געוועזן אָנגעזאָפּט מיט מרה־שחורה... די דאָקטוירים האָבן געוואָלט דערקלערן, פון וואַנען די מרה־שחורה נעמט זיך: האָבן טייל געזאָגט, אז ער האָט שלעכטע אויגן, אז אַלץ, אויף וואָס זיי קוקן, קומט אַרויס געל, גרין און געל... מען האָט אָבער געזוכט אַלערליי ברילן צו די אויגן, און קיין איינציגע האָט נישט געהאָלפן...

אנדערע האָבן דערקלערט, אז ער האָט עפּעס געמוזט איינגעד־הייט איינשלינגען, עפּעס א טמא חיה'לע, און עס האַלט זיך אין דער נשמה, און פאַר'מיאוס'ט איר דאָס לעבן, האָט מען צו דעם אויך קיין רפואה נישט!

ווי עס איז, דער מלך האָט אים געוואָלט ראַטעווען, פריילעך מאַכן, משמח זיין, ער האָט אים געקויפט כלי־כסף וכלי־זהב...

פון דער גאַנצער וועלט האָט מען אים צונויפגעפירט אַלערליי בשמים, אַלערליי קריסטאַלן און אַזוי טייערע חפצים — עס האָט נישט געהאָלפן!

מען האָט אים געשטעלט א פּאַלאַץ אין א גאָרטן, און אין דעם גאָרטן האָט מען געפלאַנצט אַלערליי בוימער, אַלערליי גע־וויקסן און בלומען; מען האָט אויסגעשאָטן די וועגן מיט גאָלדינן זאמד; מען האָט אויסגעגראָבן א טייך און פאַרגאָסן מיט פריש קוואַל־וואַסער, לעבעדיג וואַסער, און אויפ׳ן וואַסער האָבן גע־שוואומען די ווייסע גענז, מיט די לאַנגע ווייסע העלזער, וואָס וויגן זיך אויפ׳ן וואַסער אזוי רואיג, אַזוי שיין, ווי די נשמות אין גן־עדן — — עס האָט אַלץ נישט געהאָלפן...

און אויף אַלעם,—זאָגט דער בן־מלך,—ליגט א מרה־שחורה. דער בוים וואַקסט, זאָגט ער, מיט מרה־שחורה, די בלומען בליען מיט מרה־שחורה, דאָס וואַסער,—זאָגט ער—וויינט אין דער שטיל גלייך עס וואָלט אויף עמעם געטרויערט, און די ווייסע גענז דער־מאָנען אים נאָר אין תכריכים.

און די זיסע פּירות, די וויין־עפּל, די גראַנאַטן, די וויינטרויבן, אַלץ—זאָגט ער,—איז ביטער, ביטערלעך און נודנע...

דאָס ערגסטע איז געוועזן, אז דער בן־מלך האָט אין גאָרטן אין וואַסער, אָדער אין פּאַלאַץ אין א שפּיגל, זיין אייגן פּנים דערזען...

— איך בין טויט, — פלעגט ער שרייען, — אויף מיין פּנים ליגט נישט קיין שיין פון לעבן...

און איינמאָל האָט זיך פּלוצלונג אַלץ פאַרענדערט!

דער בן־מלך האָט זיך פּלוצים צעלאַכט!

פּלוצים איז אַלץ אין גאָרטן געוואָרן גרין און לעבעדיג און שיין—אַלץ האָט אָנגעהויבן לעבן און ער אויך.

און וואָס, מיינט איר, איז געשען? א קליינינקייט!

אויפ׳ן וועג, פאַרביי דעם גאָרטן, איז געגאַנגען א צדיק. מיד און פאַרשמאַכט איז ער געגאַנגען: אויף א ברית, אויף פדיון־שבויים, איך ווייס?

נאָר מיד איז ער געוועזן און געליטן האָט ער הונגער און דאָרשט; אָט, אָט וועט דער צדיק חלש'ן, ער וועט פאַלן! דאָס וויל מען אָבער אין הימל נישט דערלאָזן.

רייסט זיך אָפּ אַן עפּל פון אַ בוים און פאַלט דעם צדיק צו די פיס...

הויבט ער אויף דעם עפּל, מאַכט אַ ברכה, בייסט אַריין—און שוין! באותו הרגע איז פון אַלעם אַראָפּ די מרה־שחורה, פאַר־שוואונדן דער כשוף, אַלץ איז געוואָרן מלא שמחה!

וואָרים ווי איך זאָג אייך: שהשמחה במעונו!

# „תורה"

(א חסידישער מאָנאָלאָג)

— „תורה" זאָל איך אייך זאָגן? — —

וואָס פאַלט איך איין, רבותים? ווי קומט צו אייך אונזער תורה?

צי אייערע נשמות זיינען נישט געשטאַנען ביים בארג סיני?— סלקא דעתך—ווער זאָגט: ניין?!

„איין בורא, זאָגט איר, איין תורה און איין פאָלק ישראל".— מאי קא משמע לן? ווער זאָגט אַנדערש?

אָבער זעט, רבותים! אין להרהר אחרי מידותיו—זיצט ער און ער איז מזווג זווגים; זאָגט ער ארבעים יום קודם יצירת הולד: בת פלוני לפלוני! קומט אויס, אז אונזערם א בר־נש — ר' בערל טוואָריציאָווער — מאכט חתונה מיט... נו מיט המפורסם ר' ישראל גאָלדענבערג — גאָר אַן אַנדער דרך — א איד א באַלעבאָס, פירט שוין א שיין נגיד'יש הויז—גאָר אויף אַן אַנדער אופן!... א מתנגד, איינגערהייט, הערט זיך אַן אברך געוועזן אויף קעסט,— האָט ער אויסגעשפּאָנט א אידן פאַר „ויצמח פורקניה" אין א מקום קדוש... לעת זקנה—פון פני העיר, פרנס חודש... אין א שטאָט! פאָרט ער יאָר ביי יאָר מיט בני ביתו אין באָד אריין... טאָקע ערשט געקומען מחוץ־לארץ, שיינט, קיין עין־הרע, ווי די זון... נו... און עס איז געוועזן אין א שעה מוצלחת, דער זווג האָט עולה יפה, נושא פירות געוועזן, און א פרי עץ הדר, ווי די באָבע זאָגט... היוצא מזה? ס'וועט זיין צום מזל א ברית און מיר זיינען צוזאַמען ביי א סעודת מצוה, ביי א שלום זכר — מען עסט ארבעס און פלוימען מיט ראָזינקעס!

אמת? נאָר זעט — איין כנופיא, די אייגענע מאכלים... און

פונדעסטוועגן—נישט אַלע עסן גלייך!

„כאכילתכם כך עבודתכם" און פאַרקערט...

המפורסם ר' ישראל גאָלדענבערג צופּט ווי א פליגעלע שבת שירה—מסתפּ קבמועט, דעם מאָגן צוליב... און דאָס בערדל זאָגט נאָך צו די לעפצן: חצי שלי וחצי שלך... און שיין, אָפּגעשאָקלט פון בערדל. — זאָל אים וואויל באקומען! און אין עק דאָרט זיצט משלנו — א חסיד'ל, אן אויסגעהונגערטס נעבעך און כאַפּט, און שלינגט... איך בין מסופק, צי ער וועט מקיים זיין „ואל כליך לא תתן"—אינדערהיים א פלונית'טע מיט בנים!

וואָס ביזטו רויט געוואָרן, שוטה? דלות איז קיין פסלות...

„כי לא על הלחם לבדו יחיה האדם" — די נשמה דאַרף אויך עסן, און איר מאכל איז וואָס? — תורה!... נישט אַלע אָבער זיינען גלייך תופש... דערצו האָט נאָך יעדער זיינע מנהגים, זיינע דרכים... פאַראַן א בור סיד, און לא עליכם, א חולה, וואָס כבולעו כך פולטו.

חס ושלום, איך ווייז אויף קיינעם נישט אָן מיט'ן פינגער...

אָט האָט המפורסם, דער מחותן ר' ישראל דערציילט פאַר שלש־סעודות חידושים פון באָד... א באַרג עד לב השמים! אויפן הור־ההר אויפ'ן סאַמע ראָדנעפ שפּיץ־באַרג איז געווען „שכר־הליכה"—א גאַנצע סביבה כעל כף היד! דאָס אויג האָט זיך נישט געקאָנט אָנזעטיגן! גנים ופרדסים, שטעט און שטעטלעך און היכלות־פּאַלאַצן — פון תרגום־שני ארוים! און באַרג־ארויף, האָט ר' ישראל גאָלדענבערג דערציילט, פירן כמה וכמה וועגן, קורצע און לאַנגע, מיט גרויסע מניעות, קליינע מניעות... און אויסגעטרעטענע וועגן, פאַר סוסים! אַזוי האָט ער דערציילט...

איר האָט געמיינט, איך ליג און דרעמל... איך האָב געהערט... אויבן — האָט ער געזאָגט — איז דער אויר לנשימה — כמעט שוין סאַמע רוחניות! און ביי חלושי־ריאה, וואָס דאַרפן מער גשמיות, לאָזט זיך בלוט פון דער נאָז!... גייען זיי נישט ביז ארויף, און האָבן זייער שכר הליכה אינמיטן וועג: קאָווע מיט שמאַנט! אַזוי האָט ער דערציילט.

זעט איר: מיר, חסידים, קריכן אויף די גלייכע וועגט! גלייך

אַרויף! און איר, זייט מיר מוחל, מתנגדים: באַלעבאַטיש, מתינות. גלייך מיט די פּערד!

שאַ! שאַ! כ׳וויל, חס־ושלום, קיינעם נישט מבייש זיין!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

כ׳וויל אייך זאָגן אַ גלייכוועדטל, און בשם אומרו, דעם פּאַר־ציוועד רב׳ס מלתא דבדיחותא. „מתנגדים, האָט ער געזאָגט, זיינען דער ניגוד פון חסידים״...

אין סידור שטייט: „תשובה, תפילה וצדקה״... און פון אויבן, מיט קליינע אותיות: „צום, קול, ממון״—יאָ?

זאָגן מיר חסידים כסדר: ראשית חכמה: צום! זאָל דער חומר וויסן, אַז ער איז קיין פּריץ נישט, אַז נישט ער האָט צו שאַפן, אַז ער איז נאָר אַ טפל... מען דאַרף אים האָבן: מען דאַרף פיס, נאָכצולויפן אַ מצוה! מען דאַרף הענט: תפילין צו לייגן, אַן אתרוג און לולב צו האַלטן! מען דאַרף אַ מויל אויף תורה ותפילה! מען דאַרף אַ מאָגן אויך — איבער וואָס וואָלט מען ברכה געמאַכט? — מזמן לזמן מוז מען אָבער ווייזן דעם גוף, אַז נישט ער איז דער עצם־ענין, נישט ער איז דער תוך, אַז נישט „ואכלת״, נאָר „וברכת״ איז דער עיקר!...

דערנאָך גייט: „קול״, מען זיצט און לערנט, מען דאַוונט; עד לב השמים דאָס קול! מען רייסט איין זיבן הימלען אין עבודה מתוך שמחה: מען זינגט אַ זמר... און ערשט גאָר־גאָר צום סוף גייט: „ממון״ — אַ אידעלע דאַרף די מטבע אויך! המפרנס אשתו ובניו... און אַלערליי געלט: לימוד־געלט, צדקה־געלט, און מען איז דאָך אין גלות — „לא־יחרץ״־געלט אויך! זאָל מיך עשו נישט פאַרזאָרגן! שקיל טובך!... פאַרשטופּט מען אים ס׳מויל! זאָל ער מיך נישט מדריך זיין, לערן מיך נישט, פאַרגעס אָן מיר!

און היינט: געלט אויף תאוהלע!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איר מיינט, אַז אַזאַ איד, למשל, ווי איך, וואָס פאַרט נישט אין באָד אַריין, וואָס האָט קיין מעבל נישט, ביי דער טיר קיין גלעקל נישט, און אין שטוב קיין שפּיגל נישט — איז גאָר קיין בעל־תאוה נישט? אוי־אוי! דער יצר־הרע טרעפט צו מיר אויך!

נאָר, זעט איר, רבותים, א כיטרע אידל בין איך! איך לאָז מיך נישט! איך לייג דאָס שמד׳קייט אין דער יראה אריין! דער יצר־הרע קלאַפּט אָן, איך עפן! וואָס ווילסטו, בעל־דבר? זעץ דיך, רייד דיינע דיבורים! רעדט ער! וואָס רעדט ער? ער רעדט מיך צו צו א מלבוש! איך זאָג נישט: ניין! פאַרקערט, מוכן ומזומן בין איך! וואָס ווילסטו? אַטלאַס? ראַצימאָרע? אדרבא! און איך מאַך מיר א בגד לכבוד שבת ויום־טוב!— ווילסט „שיין״? גוט—קויף איך מיר נאָך א ברעסטער טלית, טיקטינער ציצית, נאָוואָגראָדער תפילין! לאָזט ער אָפּ א ווײַלע.. גייט ער אַוועק און קומט צוריק. וואָס ווייטער? דירה נאה? מהיכא־תיתי! א סוכה פון סוכה־לאַנד, אויסגעהאַנגען מיט ארץ־ישראל־פירות... אין א צייט אַרום גייט ער און שטאַמלט עפּעס וועגן אכילה ושתיה; איך זאָג נישט: ניין! פאַראַן סעודת מצוה, א ביסל פּיינע משקה צו קידוש און הבדלה און א פּאָר מאָל אין יאָר עסט מען קרעפּלעך אויך, און דעריבער טאַקע גייט נאָך „צום״ און „קול״ ממון—ממון אויף א תאוה׳לע!

און איר האָט אויך דאָס זעלבע סידור׳ל, די אייגענע ווערטער זאָגט איר, נאָר איר זייט מהפּך דעם סדר. מיר— ישר און איר— הפּוך.

הויבן הויבט איר אָן ביי „ממון״!

איר מוזט האָבן גרויסע דירות... און עס מוז הענגען ר׳ יחזקאלע פּרעגער׳ס פּאָרטרעט... און ווערט נאָר בעלי־סודות און פאַרהענגט די פענצטער, מען זאָל, חלילה, נישט אריינקוקן נישט צו דער צייט! און מעבל מוז זיין, און קרעפּלעך—יאָ מנהג, נישט מנהג—איז א מאכל! און מען פּאָרט אַמאָל אין באָד אריין אויך... און עס ווילט זיך א ביסל כבוד, הן אין גאַס, הן בית־המדרש, און מען מוז גוטע שידוכים טאָן, מיט גרעסערע עשירים... מען זוכט אן אָנהאַלטעניש... און אז מען גייט אַוועק פון דער וועלט, און מען איז, ווי ר׳ יחזקאלע פּרעגער, קיין פּאָרטרעט נישט גע־וואָרן, מוז מען איבערלאָזן א זכר: א מויער! אן עסק, אין וועלכן די יורשים זאָלן קענען אריינקריכן בראשו ורובו און שוין קיין ליבטיגע וועלט נישט זען... מיט איין וואָרט: מען דאַרף זיין,

מען מוז זיין א נגיד, איין „קול״—מען שרייט גוואלד: א נגיד! און זאל זיך דער הימל שפאלטן, וואס וועט איר שרייען? מ—מון! עס ווילט זיך דוקא קרעפלעך! א פשוט׳ע זאך: ביי אונז איז אלץ בבחינת מן: איז דער קוגל פעט, מהיכא־תיתי! איך קען אבער עסן א שטיקל נעכטיג ברויט, און אז איך וועל וועלן, וועל איך זאגן: ס׳א המן־טאש! און עס וועט זיין א המן־טאש, איך וועל פילן דעם טעם פון מאן מיט האניג! א מתנגד אבער מוז האבן דברים כהויתן—על־פי פשט! —איז טאקע דער עיקר „ממון״ —און אז דער עיקר, פארשטייט איר מיך, איז ממון, זאלט איר עס מיר מוחל זיין, פאלט מען שוין אריין אין קבצנות.. אויפ׳ן טיש— א געשארן טישטוך, נאר אז מען זעצט זיך צום טיש, נעמט מען עס אראפ און מען לייגט אבי וואס... א קאנאפע, פאטער־שטולן, שטולן — געדעקט מיט סאמעט — נאר איבערגעצויגן מיט גרויע לייוונט.. זיצן זיצט איר אויף לייוונט!... און, זייט מיר מוחל— די טיר, אז מען גייט עסן, ווערט פארשלאסן... „כל דכפין ייתי ויכול״ איז א פסוק אין דער הגדה, געמאכט געווארן, דער דובנער מגיד זאל זיך האבן אויף וואס צו שטעלן און זאגן א משל... ווארים דא, וואו דער עולם־הזה ווערט אן עיקר, האט מען טאקע קיין עולם־הזה נישט...

כ׳לעבן, נישט גלייך, רבותים... וואס האט איר אראפגעלאזט די קעפ?

כ׳האב דאך אייך מקדים געווען, אז סיי ווי א גלייך ווערטל, א מילתא דבדיחותא...

דער חילוק פון מתנגדות ביז חסידות שטעקט א ביסל טיפער. ווי דען? הויבט די אויגן אויף, רבותים, כ׳וויל עס אייך מקרב זיין צו דער השגה...

הערט!

תורה—ווייסט איר דאך—איז נמשלה למים—וואסער! ריין וואסער, קלאר וואסער, לעבעדיג וואסער!

נו, אז תורה איז וואסער, וואס טוט א מתנגד?

נעמט ער און שווימט! פון אויבן...

פארט א שטיקל סכנה, ס׳איז דאך פארט מים שאין להם סוף?

איז פאראן אן עצה!

נעמט מען אונטער'ן ארעם: איין פענכער—דעם שולחן־ערוך, דעם צווייטן — דעם חיי־אדם, און מען לייגט זיך אויף זיי פרקדן, און מען שווימט... מאכט זיך א שוימל: א שטיקל דקדוק אין פירוש רש"י.. א גע'חכמה'ט פירוש'ל אין מצודת ציון ומצודת דוד.. א נוטריקונ'דל אין בעל־הטורים — שיין! א מחיה! עס גייען די אויגן איבער—ממש א זילבערנע שוים! כסף טהור!

איינער כאפט נאר אן עין־יעקב, א פרק משניות—הו! דער גייט שוין טריט־וואסער! נאר דעם קאפ נעצט ער אלץ נישט איין; דער קאפ בלייבט טרוקן! אלץ נישט קיין סכנת־נפשות!

און אז א מתנגד איז נאר א איד א למדן, — וואס טוט ער? שווימט ער קלאפטער, און מאכט אמאל א נארעק... אמאל לאזט ער זיך טיף אראפ, אויף ווי לאנג דער אטעם לאזט, און געפינט אין דער טיפעניש, און ברענגט ארויף—מרגניתא טבא! א פערל פון קעסל־גרוב!

און אז א מתנגד איז נאר אן עלוי? שפרינגט ער אין וואסער אריין, און—מיט'ן קאפ אראפ,—איז ער וואס? א קונצן־מאכער!

איך וויל, חלילה, נישט מקפח זיין שכר כל בריה... און לאמיך וועלן! אז הקדוש ברוך־הוא וויל נישט! געזאגט תורה נמשלה למים — איז געזאגט! אבער אז דער יסוד איז מים, איז—מים, זייט איר קאלטע פיש!

און וואו איז דער והסנה בוער באש?

תורה איז דאך נמשלה לאש אויך, און פאראן: אש אוכלה אש... פייער שבפייער! דאס זעט איר איז שוין אונזער תורה — —

איך וויל עס אבער פארט מקרב זיין צו דער השגה!

איך וויל, איר זאלט פארשטיין דעם ענין פון „אונזער" תורה...

וואס עס הייסט: א גוטער איד, א צדיק זאגט „תורה"... לכאורה: מאי כולי האי? נעם א ספר און קוק אריין! עס איז אבער נישט אזוי! — ווארט, איך בין ערב, איר וועט מקבל נחת זיין...

„כי נר מצוה ותורה אור..."

יא... די מצוה, רבותים, איז א ליכט — נאר א ליכט לייכט

נישט כל־זמן מען צינדט זי נישט אָן... א מענטש קאָן זיין א ליכט־ציער, האָבן א פוד ליכט אין שטוב, און ארומגיין אין דער פינצ־טער, און טאַפּן אין די ווינקעלעך! תורה־אור — מצוה דאַרף כונה... מען דאַרף וויסן דעם כוון פון דער מצוה...

א מצוה שלא בכונה איז א טויטע מצוה... א בר־מנן...

הענט האָבן געלייגט תפילין, ס'מויל האָט געזאָגט ברכה, די פיס זיינען געגאַנגען אין מקום קדוש אריין, די נאָז האָט געשמעקט בשמים בשעת הבדלה — אָבער די נשמה איז דערביי נישט גע־ווען... די כונה האָט געפעלט! מען האָט נישט אָנגעצונדן די ליכט!

און פעלט ליכט, פעלט שמחה...

און מענטשן טוען מצוות און גייען ארום אין עצבות, פאַר'־מרה־שחורה'טע פנים'ער, פאַר'חושכ'טע אויגן, און מען זיפצט, און מען קרעכצט...

שמחת מצוה פעלט!

פריי דיך, אז א טויט קינד איז געבאָרן געוואָרן!

א סך מצוות טוט איר... נאָר מתוך עצבות...

צדקה גיט איר פון רחמות... „נאַ — נעם און גיי!" מען דאַרף פּטור ווערן פון דעם אָרימאַן... מען שיקט אים אפילו אָפּ אין שטוב אריין, אבי זיין פּרצוף נישט צו זען... מען לערנט אָפּ א בלאַט גמרא א טאָג: א חוק! אָפּגעאַרבעט ווי א שכיר־יום! א קליין שטיקל קאַטאָרגע! יום־טוב — מאַכט מען בשר ודגים און צימעס קאָכט מען... נאָר — ווי ווערט מען שוין פון דעם יום־טוב פּטור... א מחיה דאָס דריטע שטערנדל אין מוצאי־שבת! ווי אויפ'ן גואל צדק וואַרט מען דערויף! א שמחה דאָס איז שמיני של פסח — א גלעזל ביר! מען מעג שוין! און מוצאי פסח די חמצ'דיגע סעודה! און בסוד סודות, בעט איר דאָך טל ומטר אויף סוכות,—איר זאָלט קאָנען עסן אין שטוב!

שמחה פעלט אייך! ווייל איר טוט אַלץ מיט'ן גוף, אָן דער נשמה... ווייל אייערע מצוות זיינען גופים אָן נשמות, נישט אָנ־געצונדענע ליכט!

און מיינט נישט... לאו כל אדם זוכה צו ליכטיגע לעבעדיגע מצוות... אמת — „ולא עם הארץ חסיד״, אָן „תורה־אור״, אָן תורה שנמשלה לאש, קאָן מען קיין חסיד נישט זיין... אָבער נישט אַלע חסידים זיינען חסידים...

קומען זיך טאַקע צוזאַמען צום צדיק קאַלטע נשמות, געפרוי־רענע נשמות, אידן מיט ליכט אין די בוזימס, נאָר זיי ברענען נישט, זיי לייכטן נישט... מען קומט פאַר׳עצב׳עט, פאַר׳חושכ׳ט... נאָר מען קומט צום צדיק, מען קומט נאָך תיקון, נאָך ליכט... און דער צדיק, אַז ער זעט עס, זעצט ער זיך און זאָגט „תורה״... און זאָגן זאָגט ער תורה, שנמשלה לאש... די תורה, וואָס ברענט און „צינדט אָן די ליכט״... די מצוות, וואָס זיינען געטאָן געוואָרן אַלע בכונה, באַקומען כונה... צינדן זיי זיך אָן און הויבן אָן לייכטן... פון „מתים בל יחיו״ ווערן ברענענדיגע לייכטנדיגע נשמות, פון בר־מנג׳ס—שרפים ואופנים...

און ליכטיג ווערט, און שמחה, און צהלה, דיצה, אהבה, אחוה ורעות...

עס פלאַמט...

וואָס־זשע האָט פּועל יוצא געווען דער צדיק?

ער האָט מקיים געווען די מצוה: בהעלותך את הנרות!

ער האָט גענומען פון „אור זרוע לצדיק״ און אָנגעצונדן אַלע ליכט!...

און אַז אַלע ברענען? פאַרשטייט איר דאָך, איך דאַרף דאָך אייך נישט אין מויל אַריינלייגן — אַז עס צינדן זיך אָן אַלע ליכט —ווערט ליכטיג ווערט פריילעך, ווערט התלהבות, ווערט דבקות... ווערט — —

נאָר דאָס איז שוין נישט פאַר אייך... געגנוג—שמחה! שמחת מצוה, שמחת יום־טוב — —

וואָס טוט איר ימים־נוראים?

משנכנס אָדר לאַכט איר, קומט מזל בתולה — וויינט איר!
א מתנגד לעבט על־פּי „לוח״...

שנייצט איר די נעז און קלאָגט!...

איר ווערט בעל־בכיה׳ס, ווי די נשים! און עס ציטערט אויף אייך די הויט.

וואָס טוט זיך ביי אונז ימים־נוראים? מען טאַנצט, מען זינגט! מען גייט אפילו גאָר שפּאַצירן! אז עס איז ליכטיג געוואָרן, אז עס האָט זיך צעפלאַקערט—גיי וויין!

דאָס איז טייטש „ותורה אור" — דעם צדיק׳ס תורה איז אור! — —

נאָר האַלט איך שוין ביי אור, וויל איך אייך שוין דערציילן א שיחה, דאָס וועט איר שוין אודאי משיג זיין! איר וועט אפילו הנאה האָבן! איר ווייסט דאָך: שני מאורות — א זון מיט א לבנה. די זון האָט ליכט און וואַרימקייט און די לבנה, מילא, ווייסט איר דאָך, איר האָט דאָך עפּעס ליב די לבנה, איר זייט דאָך מיט דער לבנה שמעלקע שבשמעלקע, אייערע אינגלעך שרייבען דאָך שירים און קרעכצן צו דער לבנה — די לבנה האָט נאָר ליכט אליין...

איז ער, זאָל לעבן, אמאָל געזעסן ביים פענצטער — בין השמשות.

צווישן מנחה ומעריב, פלעגט ער ליב האָבן צו זיצן ביים פענצטער, בשעה שאינו לא יום ולא לילה... קומט אַרויס די לבנה. זעען מיר בחוש, אז זי קומט אַרויס אומישנע פון ענן מקבל פנים זיין... שמייכלט ער... און דרייט זיך אוים צו אונז און גיט א פרעג, צי מיר ווייסן נישט פון דער דין־תורה, וואָס די לבנה האָט געהאַט... ווייסט מען נישט; דערציילט ער.

די זון,—דערציילט ער — האָט דאָך משמורת בייטאָג, איז איר וואַרים; די לבנה אָבער האָט דאָך משמורת ביינאַכט, איז איר קאַלט... שטעלט זי זיך איינמאָל פאַר׳ן בית־דין של מעלה מיט א טענה: עס איז איר קאַלט! וואָס־זשע וויל די לבנה?— מען זאָל איר מאַכן א בגד! שיקט מען תיכף ומיד נאָך אלע חייטים מארבע כנפות הארץ, זיי זאָלן איר מאַכן א בגד! זאָגן די חייטים, אז זיי זיינען עס נישט ביכולת צו מאַכן! פאַרוואָס,

ווילט איר פרעגן? פשוט, ווייל זיי ווייסן נישט, ווען א מאָס צו נעמען! א גאַנצן חודש—אָדער זי וואַקסט אָדער זי פאַלט אָפּ...

האַ?

וואָס זאָגט איר?

מען זאָל איר מאַכן שלשים בגדים.

כ'האָב געוואוסט, אַז דאָס וועט איר משיג זיין!

דאָס האָט טאַקע ער, זאָל לעבן, אויסגעטאָן!

---

# צווישן צוויי בערג

פון בריסקער רב און ביאַלער רבי'ן האָט איר אודאי געהערט, דאָך נישט אַלע ווייסן, אַז דער ביאַלער צדיק, ר' נח'קע, איז פריער געוועזן דעם בריסקער רב'ס אַ תּלמיד מובהק, אַז ער האָט ביי אים געלערנט אַ שיינע פּאָר יאָר, און דערנאָך ערשט איז ער נעלם געוואָרן, אָפּגעהאַלטן אַ פּאָר יאָר „גלות", און איז נתגלה געוואָרן אין ביאַלע.

און אַוועק איז ער מהאי טעמא: מען האָט געלערנט תורה, נאָר די תורה, האָט דער רבי געפילט, איז טרוקענע תורה... מען לערנט, למשל, אַ דין פון שאלות נשים, פון בשר־בחלב, צי דיני ממונות... זייער וואויל! קומט ראובן ושמעון האָבן אַ דין־תורה, קומט אַ משרת אַ שאלה פרעגן, אָדער אַן אשה האָט אַ שאלה, — קריגט באותו הרגע דאָס לערנען אַ חיות, לעבט עס אויף און עס האָט אַ ממשלה אויף דער וועלט. אָבער אַזוי, אָן זיי, פילט דער רבי, אַז די תורה, דאָס הייסט: דער גוף פון דער תורה, דער נגלה, דאָס, וואָס עס ליגט פון אויבן אויף—איז טרוקן. נישט דאָס, האָט ער געפילט, איז תורת חיים! — תורה דאַרף לעבן! לערנען אַנדערע קבלה־ספרים האָט מען אין בריסק נישט געטאָרט. דער בריסקער רב איז געוועזן אַ מתנגד און בטבע אַ „נוקם ונוטר כנחש". האָט עמיץ אָנגערירט אַ זוהר, אַ פּרדס, פלעגט ער שעלטן! אין חרם אַריינלייגן! איינעם האָט מען געכאַפּט ביי אַ קבלה־ספר, האָט ער אים געלאָזט אָפּגאָלן די באָרד דורך ערלים! וואָס קלערט איר? דער מענטש איז יצא מדעתו געוואָרן, אין מרה־שחורה אַריינגעפאַלן. און, וואָס מער חידוש איז, עס האָט אים שוין קיין גוטער איד נישט געהאָלפן! — איר שפּילט אייך מיט'ן בריסקער רב! און פונדעסטוועגן, ווי פאָרט מען עס אַוועק פון בריסקער רב'ס ישיבה?!

א צייט לאַנג האָט ער זיך טאַקע געשלאָגן מיט דער דעה.

נאָר איינמאָל האָט מען אים געוויזן א חלום. עס האָט זיך אים גע'חלום'ט, אַז דער בריסקער רב איז צו'ן אים אַריינגעקומען און געזאָגט: קום, נח, וועל איך דיך פירן אין גן־עדן התחתון אַריין. און ער האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און געפירט. זיי זיינען געקומען אין א גרויסן פּאַלאַץ אַריין. אין פּאַלאַץ איז נישט געווען, נישט קיין טיר און נישט קיין פענצטער, אויסער די טיר, דורך וועלכער זיי זיינען אַריינגעגאַנגען. ליכטיג איז דאָך אין פּאַלאַץ געווען, ווייל די ווענט, ווי עס האָט זיך דעם רבי'ן געדאַכט, זיינען געווען פון קריסטאָל און האָבן געשלאָגן פון זיך אַליין א ליכטיגן גלאַנץ.

און זיי גייען אַזוי, און גייען און מען זעט נישט קיין סוף.

— האַלט דיך אָן מיין יופּעצע, — מאַכט דער בריסקער רב— דאָ איז פאַראַנען סאַליעס אין לשער ואין לספר, און קוים רייסטו דיך אָפּ פון מיר, וועסטו פאַרבלאָנדזשען אויף אייביג...

דער רבי טוט אַזוי, און זיי גייען אַלץ ווייטער און ווייטער, און אויפ'ן גאַנצן וועג זעט ער נישט קיין בענקל, קיין שום כלי בית, גאָרנישט!

— דאָ זיצט מען נישט, — פאַרטייטשט אים דער בריסקער רב,—נאָר מען גייט אַלץ ווייטער און ווייטער!—און ער איז אים נאָכגעגאַנגען. און איין זאַל איז גרעסער און ליכטיגער געווען פון דעם צווייטן, און די ווענט האָבן געשיינט דאָ מיט דער, דאָ מיט אַן אַנדער קאָליר; דאָ מיט עטלעכע, דאָרט מיט אַלערליי קאָלירן... נאָר קיין מענטשן האָבן זיי נישט געטראָפן אויפ'ן וועג...

דער רבי איז מיד געוואָרן גייענדיג. עס האָט אים באַגאַסן א שוויים, א קאַלטער שוויים. קאַלט איז אים אויך געוואָרן אין אַלע אברים. דערצו הויבן אים נאָך אָן די אויגן ווייי צו טאָן פון באַשטענדיגן גלאַנץ...

און עס איז אים אָנגעפאַלן א שטאַרקע בענקשאַפט, א בענקשאַפט צו אידן, צו חברים, צו כל ישראל! א קליינינקייט—מען זעט קיין איד נישט פאַר זיך!...

— בענק נישט צו קיינעם, — מאכט דער בריסקער רב — דאָס איז אַ פּאַלאַץ נאָר פאַר מיר און פאַר דיר... דו וועסט אויך אַמאָל זיין בריסקער רב!

און דער רבי האָט זיך נאָך מער דערשראָקן און אָנגעכאַפּט זיך אָן דער וואַנט, נישט אומצופאַלן. און די וואַנט האָט אים אָפּגעבריט! נאָר נישט ווי פייער בריט, נאָר ווי אייז בריט!

— רבי! — האָט ער אַ געשריי געטאָן, — די ווענט זיינען אייז, נישט קריסטאַל! פּשוט אייז!

דער בריסקער רב שווייגט.

און דער רבי שרייט ווייטער:

— רבי, פירט מיך אַרויס פון דאַנען! איך וויל נישט זיין אַליין מיט אייך! איך וויל זיין צוזאַמען מיט כל ישראל!

און קוים האָט ער עס אַרויסגעזאָגט, איז דער בריסקער רב נעלם געוואָרן און ער איז געבליבן איינער אַליין אין פּאַלאַץ.

קיין וועג, ווי אויס און ווי איין, ווייסט ער נישט; פון די ווענט שלאָגט אויף אים אַ קאַלטער פּחד; און דאָס בענקשאַפט, צו׳ן אַ איד, צו דערזען אַ איד, באַדיי אַ שוסטער, אַ שניידער, איז אַלץ ביי אים שטאַרקער און שטאַרקער געוואָרן. האָט ער אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען...

— „רבונו של עולם, — האָט ער זיך געבעטן, — נעם מיך אַרויס פון דאַנען! בעסער אין גהינום מיט כל ישראל צוזאַמען, איידער דאָ איינער אַליין!"

און באותו הרגע, האָט זיך אים באַוויזן אַ פּראָסט אידל, מיט אַ רויטן באַלעגאָלישן גאַרטל אויף די לענדן, און אַ לאַנגער בייטש אין דער האַנט. דאָס אידל האָט אים, שווייגנדיג, אָנגענומען ביים אַרבל, אַרויסגעפירט פון פּאַלאַץ, און איז — פאַרשוואונדן געוואָרן. אַזאַ חלום האָט מען אים געוויזן!

אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג, קוים וואָס עס האָט אָנגעהויבן גרויען, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישט קיין פּראָסטער חלום געווען. ער האָט זיך געשווינד אָנגעטאָן און געוואָלט לויפן אין בית־המדרש אַריין, לאָזן זיך פּותר חלום זיין פון די לומדים, וואָס נעכטיגן אין בית־המדרש. דורכגייענדיג דעם

מארק, האָט ער אָבער דערזען א שטייענדיגע בויד, אַן איינגע־שפּאַנטע גרויסע, פּאַרצייטישע בויד, און ביי דער בויד איז גע־שטאַנען א באַלעגאָלע מיט א רויטן גאַרטל אַרום די לענדן, א לאַנגע בייטש אין דער האַנט, און פּונקט אַזא אידל, ווי דער, וואָס האָט אים אין חלום אַרויסגעפירט פון פּאַלאַץ.

שטויסט ער זיך, אַז „דברים בגו"; גייט ער צו און פרעגט:

— וואוהין פאָרט א איד?

— נישט דיין וועג! — ענטפערט דער באַלעגאָלע גאָר גראָב.

— פאָרט? — בעט ער זיך, — אפשר וועל איך מיטפאָרן!

דער באַלעגאָלע האָט זיך א ביסל פאַרטראַכט און דערנאָך גע־ענטפערט:

— און צופוס, — זאָגט ער, — קען אַזא בחור נישט גיין? גיי דיר דיין וועג!

— און וואוהין זאָל איך גיין?

— וואו די אויגן וועלן דיך טראָגן, — ענטפערט דער באַלע־גאָלע און דרייט זיך אָפּ, — מיין דאגה!

דער רבי האָט פאַרשטאַנען, און האָט זיך געלאָזט אין גלות אַריין!

ווי געזאָגט, נתגלה איז ער געוואָרן עטלעכע יאָר שפּעטער אין ביאַלע. (עד מפי עד, ווי אַזוי עס איז געווען, דערצייל איך נישט, כאָטש עס איז מויל און אויערן אויפצושטעלן!) און, לערך א יאָר נאָך זיין התגלות, האָט מיך א ביאַלער באַלעבאָס, ר' יחיאל האָט ער געהייסן, אָראָפּגעבראַכט צו זיך פאַר א מלמד.

לכתחילה האָב איך אפילו נישט געוואָלט אָננעמען דאָס מלמדות. ר' יחיאל, מוזט איר וויסן איז געווען אַן עושר, א פּאַרצייטישער, אָנגעשטאָפּטער עושר. די טעכטער פלעגט ער געבן צו טויזנט רענדלעך נדן און טאָן מיט די גרעסטע רבנים, און זיין לעצטע שנור איז געווען טאָקע דעם בריסקער רב'ס טאָכטער!

פאַרשטייט איר דאָך אַליין, אַז אויב דער בריסקער רב מיט די רעשט מחותנים זיינען חולקים, מוז ר' יחיאל אויך זיין א חולק... און איך בין דוקא א ביאַלער חסיד, נו — ווי לאָזט מען זיך אין אַזא הויז אַריין?

האָט עס מיך אָבער פאָרט געצויגן קיין ביאַלע! א קליינינ־קייט — מיט'ן רבי'ן אין איין שטאָט! געקלערט אהין, געקלערט אהער, איך פאָר!

און ר' יחיאל אַליין, האָט זיך אויסגעוויזן, איז אן אמת פשוט'ער, כשר'ער איד, איך בין אייך אפילו ערב, אז זיין הארץ האָט געצויגן צו א רבי'ן ווי מיט צוואַנגען. וואָרים באמת, קיין למדן איז ער נישט געווען, אויפ'ן בריסקער רב פלעגט ער אודאי קוקן ווי א האָן אויפ'ן בני אדם! ווערט ער מיר נישט צו האַלטן זיך אין ביאַלער רבי'ן, נאָר ער אַליין איז זיך מתרחק. אז איך דערציי'ל עפּעס פון רבי'ן, מאַכט ער זיך געניצן, כאַטש די אויערן, זע איך, שפּיצט ער אויף. נאָר דער זון זיינער, דעם בריסקער רב'ס איידים, דער קנייטשט איין דעם שטערן, קוקט אויף מיר מיט כעס און ליצנות צוזאַמען, נאָר שפּאָרן שפּאַרט ער זיך נישט; ער פלעגט בטבע ווייניג רעדן.

ויהי היום — ר' יחיאל'ס שנור, דעם בריסקער רב'ס טאָכ־טער, דאַרף גיין צו קינד! דאַכט זיך, מאַלע א ווייבל גייט צו קינד? איז אָבער א מעשה דערביי! געוואוסט האָט מען, אז דער בריסקער רב, ווייל ער האָט א חסיד אָפּגעגאַלט, דאָס הייסט: גע־הייסן אָפּגאָלן באָרד און פאות, איז ניזוק געוואָרן פון די צדיקי הדור. ביידע צוויי זין זיינען אים, לא עליכם, במשך א 5—6 יאָר נפטר געוואָרן, און אַלע זיינע דריי טעכטער האָבן קיין בנים זכרים נישט געהאַט. דערביי איז נאָך יעדע פון זיי געווען, רחמנא לצלן, א מקשה לילד, בשעת מעשה געווען יעדעס מאָל מער דאָרטן ווי דאָ! אז מען האָט אָבער מן השמים געוואָלט, עס זאָל זיין מחלוקת, האָבן אַלע געזען און געוואוסט, אז עס איז אן עונש פון די צדיקי הדור אויפ'ן בריסקער רב, נאָר ער אַליין, מיט זיינע ליכטיגע אויגן, האָט עס נישט געזען! און אפשר — נישט גע־וואָלט זען! ער האָט וויטער געפירט זיין התנגדות ביד חזקה— מיט חרמות און תקיפות פון אנשי חייל, ווי אין יענע צייטן...

מיר איז גיטעלע (אזוי האָט זי, דעם בריסקער רב'ס טאָכטער, געהייסן) באמת א שאָד געווען, זייער א שאָד געווען. ערשטנס— א אידישע נשמה; צווייטנס — א אידישע, כשר'ע נשמה; עס

איז נאָך אזא צדקת, אזא כשר'ע זאַך אויף דער וועלט נישט גע־וועזן...

קיין איינציגע אָרימע כלה האָט אָן איר הילף נישט חתונה געהאַט; אזא זיידענע בריאה! און דס דאַרף געשטראָפט ווערן פאַר'ן פּאָטער'ס כעס! און דעריבער, אזוי ווי איך האָב נאָר באַמערקט, אַז די באָבע הויבט זיך אָן דרייען אין שטוב, האָב איך שוין אָנגעהויבן ארבעטן אויף אַלע כלים, מען זאָל שיקן צום ביאַלער רבי'ן... זאָל זיין א קוויטל אָן א פּדיון, באשר — ער דאַרף נויטיג פּדיונות!...

דער ביאַלער רבי האָט גאָר ווייניג געהאַלטן פון פּדיונות! מיט וועמען אָבער רעדט מען?

איך פּרואוו מיט'ן בריסקער רב'ס איידים, און, איך ווייס — אַז ממש נפשו קשורה בנפשה, וואָרים, ווי ער האָט זיך נישט באַהאַלטן, האָט עס דאָס שלום־בית ארויסגעשמעקט פון יעדן ווינקעלע, פון אַלע זייערע תנועות און הויות, — איז ער דאָך אָבער דעם בריסקער רב'ס איידים! שפּייט ער אויס, גייט ער אוועק און לאָזט מיך שטיין מיט אן אָפן מויל.

נעם איך מיך צו ר' יחיאל'ן אליין, ענטפערט ער מיר: עס איז דעם בריסקער רב'ס טאָכטער! איך וועל עס אים, דעם בריסקער רב, ניש טאָן, אפילו ביי סכנות־נפשות, חס ושלום! פּרואוו איך מיך מיט זיין פּלונית'טע — א כשר'ע אידענע, נאָר א פּראָסטע,—ענטפערט זי מיר כהאי לישנא: זאָל מיין מאַן הייסן, שיק איך באַלד צום רבי'ן מיין יום־טוב'דיג שטערן־טיכל מיט די אוירינגלעך; א מטמון מיט געלט האָט עס געקאָסט! נאָר אָן מיין מאַן, נישט קיין פּחות משוה פּרוטה—נישט א פּיפּיץ!

— אָבער א קוויטל... וואָס שאַדט אייך א קוויטל?

— אָן מיין מאַנ'ס וויסן, גאָרנישט! ענטפערט זי, טאַקע ווי א כשר'ע אידענע דאַרף ענטפערן, און דרייט זיך אָפּ פון מיר און איך זע, אַז זי וויל נאָר באַהאַלטן די טרערן,—א מאַמע! לב יודע —איר האַרץ האָט שוין געפילט די סכנה...

אַז איך האָב אָבער געהערט דעם ערשטן געשריי, בין איך אַליין געלאָפן צום רבי'ן.

— שמעיה, — ענטפערט ער מיר, — וואָס זאָל איך טאָן? איך וועל מתפלל זיין!

— גיט מיר רבי, — בעט איך, — פאַר דער יולדת וואָס עס איז — א שמירה'לע, א מטבע, א קמיע'לע... וואָס עס איז גיט מיר...

— עס וועט, חס ושלום, ערגער מאַכן, — ענטפערט ער, — אָן אמונה שאַדטן אזוינע זאַכן, און זי האָט דערינען קיין אמונה נישט...

וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? עס איז די ערשטע טעג סוכות, זי איז מקשה לילד, העלפן קען איך נישט, בלייב איך שוין בעסער ביים רבי'ן אין שטוב. א בן־בית בין איך געוועזן, טראַכט איך מיר, איך וועל קוקן יעדע רגע מיט געבעט צום רבי'ן, אפשר וועט ער זיך מרחם זיין...

הערן הערט זיך, אַז עס איז נישט גוט. דעם דריטן טאָג שטייען שוין די וויען... מען האָט שוין אַלץ געטאָן, וואָס מען האָט געקענט: די שול איינגעריסן, קברים געמאָסטן, הונדערטער פונם ליכט אויסגעברענט אין שול, אין בתי־מדרשים, היינט צדקה —א מטמון!... עס איז דען נאָכצודערציילן? אַלע קליידער־שענק זיינען געשטאַנען אָפן; א באַרג מיט אַלערליי מטבעות איז געלעגן אויפ'ן טיש, און אָרימעלייט זיינען אריינגעקומען און גענומען, ווער עס וויל, וואָס ער וויל, וויפיל ער וויל!

עס האָט מיך שטאַרק אָנגעכאַפּט דאָס הארץ.

— רבי,—זאָג איך,—עס שטייט דאָך: צדקה תציל ממות.

און ער ענטפערט מיר, שלא ממין הטענה, דאַכט זיך:

— אפשר וועט קומען דער בריסקער רב!

און באותו הרגע קומט אריין ר' יחיאל! צום רבי'ן רעדט ער נישט, גלייך ער וואָלט אים נישט געזען, נאָר —

— שמעיה,—זאָגט ער צו מיר, און כאַפּט מיך אָן ביים לאַץ, —הינטן שטייט א פור, גיי זעץ דיך אויף און פאָר צום בריסקער רב, זאָל ער קומען...

און געפילט האָט ער שוין, אפנים, אין וואָס עס גייט, וואָרים צוגעגעבן האָט ער:

— זאָל ער אַליין זען, וואָס עס טוט זיך! זאָל ער זאָגן וואָס צו טאָן!

און אַ פּנים האָט ער געהאַט, וואָס זאָל איך אייך זאָגן, — מתים זיינען שענער פאַר אים!

---

מילא פאַר איך! טראַכטן, טראַכט איך מיר, אַז אויב דער רבי ווייסט, אַז ער וועט קומען, וועט שוין עפּעס דערפון אַרויס! אפשר נאָך אַ שלום! דאָס הייסט: נישט צווישן בריסקער רב מיט'ן ביאַלער רבי'ן, זיי אַליין האָבן קיין מחלוקת נישט געפירט, נאָר צווישן די צדדים בכלל! וואָרים באמת, אַז ער וועט קומען, וועט ער דאָך זען! אויגן האָט ער דאָך!

נאָר מן השמים, אפּנים, לאָזט מען אַזאַ זאַך אַזוי געשווינד נישט צו. מן השמים האָט מען מיט מיר מלחמה געהאַלטן. קוים בין איך אַרויסגעפאָרן פון ביאַלע, גיט זיך איבער דעם הימל אַ יאָג אַ כמאַרע, אָבער ווי הייסט אַ כמאַרע! אַ שוואַר־צער שווערער וואָלקן, ממש ווי אַ סמאָלע, און אַ בלאָז האָט פּלוצים געטאָן, גלייך עס וואָלטן רוחות געפלויגן און פון אַלע זייטן מיטאַמאָל. אַ פייער, להבדיל, פאַרשטייט זיך אויף אַזוינע זאַכן, צלם'ט ער זיך און זאָגט, אַז עס וועט זיין, חס־ושלום, אַ שווערער וועג, און ווייזט מיר מיט דער בייטש אין הימל אַריין... תוך כדי־דבור מאַכט זיך נאָך אַ שטאַרקערער ווינט, ער צערייסט די כמאַרע, ממש ווי מען צערייסט אַ שטיק פּאַפּיר, און הייבט אָן צו יאָגן און צו טרייבן איין שטיק כמאַרע אויף דער צווייטער, איינער אויף דער צווייטער, גלייך ער וואָלט קריעס געטריבן אויף אַ טייך. איך האָב שוין איבער'ן קאָפּ צוויי שטאָק און דריי שטאָק כמאַרע. לכתחילה האָב איך אפילו קיין מורא נישט געהאַט: אויסגענעצט ווערן איז ביי מיר קיין נייעס נישט געווען און פאַר דונערן שרעק איך מיך נישט. ערשטנס, דונערט נישט סוכות־צייט, און צווייטנס— נאָכ'ן רבי'נס שופר־בלאָזן! מיר האָבן אַ קיימא־לן, אַז נאָך אַזאַ שופר־בלאָזן האָט אַ גאַנץ יאָר קיין דונער קיין שליטה נישט! אַז עס האָט אָבער ראַפּטום געגעבן אַ פּלאַסק מיר אין פּנים אַריין, ווי

מיט א בייטש... איין מאָל, דאָס צווייטע מאָל, דאָס דריטע מאָל...
איז מיר טאַקע דער מוטער'ס מילך אַנטפאַלן! איך האָב געזען
בחוש, אַז דער הימל פּאַטשט מיך, אַז מען טרייבט מיך צוריק!

און דער פּויער, להבדיל, בעט זיך אויך: לאָמיר צוריקפאָרן.

איך ווייס אָבער, עס איז סכנות־נפשות. איך זיץ אויף דער
פור, און, אינ'ם שטורעם, הער איך, ווי די יולדת קרעכצט, ווי
דעם בריסקער רב'ס איידימ'ס פינגער קנאַקן; ער ברעכט זיך די
הענט; אויך זע איך פאַר מיר ר' יחיאל'ס שוואַרצס פּנים מיט די
איינגעפאַלענע, ברענענדיגע אויגן! פאָר, בעט ער מיך, — פאָר —
און מיר פאָרן.

און דאָ גיסט און גיסט, עס גיסט פון אויבן, עס שפּריצט פון
אונטער די רעדער, און פון אונטער די פערדס פיס. און דער
וועג ווערט איינגאַנצן פאַרגאָסן, ממש באַדעקט מיט וואַסער.
איבער'ן וואַסער גייט א פּיאַנע. די פור, דאַכט זיך, הויבט שוין אָן
שווימען — — וואָס זאָל איך אייך דערציילן? מיר האָבן נאָך
דערצו געבלאָנדזשעט... נאָר אויסגעהאַלטן האָב איך!

מיט'ן בריסקער רב בין איך געקומען אויף הושענא־רבה!

נאָר, דעם אמת צו זאָגן, אַזוי ווי דער בריסקער רב האָט זיך
אַרויפגעזעצט אויף דער פור, איז שטיל געוואָרן! די כמאַרע האָט
זיך איבערגעריסן, פון שפּאַלט האָט זיך אַרויסגעוויזן די זון, און
מיר זיינען בשלום שיין און טרוקן אַריינגעפאָרן קיין ביאַלע. דער
פּויער, להבדיל, האָט עס אפילו באַמערקט און געזאָגט אויף זיין
לשון: וועלקי ראַבין צי דיוזשי ראַבין!..

נאָר דער עיקר איז געוועזן אונזער אַריינקומען!

ווי די היישעריקן זיינען צו אים צוגעפאַלן די ווייבער, וואָס
זיינען אין שטוב געוועזן... כמעט אויפ'ן פּנים זיינען זיי פאַר
אים געפאַלן און געוויינט... די יולדת פון דער צווייטער שטוב הערט
מען נישט, אָדער דורכ'ן געוויין פון די ווייבער, אָדער, טראַכט
איך, זי האָט שוין, חס־ושלום, קיין כוח נישט צו קרעכצן... ר'
יחיאל האָט אונז אפילו נישט געזען, ער איז געשטאַנען אַריינגע־
דריקט מיט'ן שטערן אין א שויב, דער קאָפּ האָט אים אָפּנים
געברענט...

דעם בריסקער רב'ס איידים דרייט זיך אויך נישט איבער דערלאַנגען שלום. ער שטייט מיט'ן פּנים צו דער וואַנט, און איך זע בחוש, ווי דער גוף זיינער ציטערט און ווי דער קאָפּ קלאַפּט אָן דער וואַנט!...

איך האָב געמיינט, איך פאַל! אזוי האָט מיך דער צער און די שרעק דורך און דורך גענומען. עס איז מיר קאַלט געוואָרן אין אַלע אברים, איך האָב געפילט, אז די נשמה ווערט אין מיר קאַלט!...

נאָר, צי האָט איר געקענט דעם בריסקער רב?

דאָס איז געוועזן א מענטש — אן עמוד ברזל, זאָג איך אייך!

א הויכער־הויכער איד, טאַקע „משכמו ומעלה"... אן אימה האָט ער געוואָרפן, ווי א מלכות! — א ווייסע לאַנגע באָרד, איין שפּיץ, געדענק איך נאָך היינט, האָט זיך אים אַריינגערוקט אונ־טער'ן גאַרטל, דער צווייטער שפּיץ־באָרד ציטערט איבער'ן גאַר־טעל...

ברעמען — ווייסע, דיקע, לאַנגע — א האַלב פּנים האָבן זיי אים פאַרשטעלט. און, אז ער האָט זיי אויפגעהויבן — רבונו של עולם! די נשים זיינען ממש צוריקגעפאַלן, ווי פון א דונער צוריקגעוואָרפן, אזוינע אויגן האָט ער געהאַט! — חלפים, בלאַנקע חלפים האָבן אין זיי געבליצט! און א געשריי האָט ער געטאָן ווי א לייב: אוועק נשים!

דערנאָך האָט ער שטילער און איידעלער געפרעגט:

— און וואו איז מיין טאָכטער?

מען האָט אים געוויזן.

ער איז אַריינגעגאַנגען, און איך בין געבליבן שטיין ממש אַרויס פון די כלים: אזוינע אויגן, אזא בליק, אזא קול! עס איז גאָר אן אנדערער דרך, אן אנדערע וועלט! דעם ביאַלער רבי'נס אויגן לייכטן אזוי גוט, אזוי שטיל, עס קומט אריין א חיות אין הארץ; ער וואַרפט אויף דיר א בליק, האָט ער דיך מיט גאָלד באַשיט... און זיין קול, דאָס זיסע קול, דאָס סאַמעטן זיסע קול — רבונו של עולם — ביים הארץ כאַפּט עס אָן, ביים הארץ גלעט עס אזוי שטיל, אזוי מחיה'דיג... נישט קיין מורא, חס ושלום,

האָט מען פאַר׳ן, נאָר די נשמה צעגייט אין ליבשאַפט, אין מתיקות פון ליבשאַפט. זי וויל אַרויס פון גוף און באַהעפטן זיך מיט זיין נשמה... זי רייסט זיך, ווי, להבדיל, אַ זומער־פליגעלע צו אַ העלער פלאַם!... און דאָ — רבונו של עולם: אימה ופחד! אַ גאון, אַ פאַרצייטישער גאון! און ער גייט אַריין צו אַ יולדת!

„ער וועט פון איר מאַכן, — שרעק איך מיך — אַ גל־של עצמות!"

לויף איך צום רבי׳ן.

און דער רבי באַגעגנט מיך באַלד אין טיר מיט אַ שמייכל:

— האָסט געזען, מאַכט ער, כבוד התורה? ריינעם כבוד התורה?

איך האָב מיך באַרואיגט. אַז דער שמייכלט, טראַכט איך, איז גוט! —

---

און עס איז טאַקע גוט געווען. שמיני עצרת איז זי איבער־געקומען. שמחת־תורה האָט שוין דער בריסקער רב געזאָגט תורה ביים טיש. איך האָב געוואָלט אפילו ערגעץ אַנדערש זיין ביים טיש, נאָר איך האָב מורא געהאַט. בפרט, אַז מיט מיר איז גע־ווען אַ מנין... מען וועט בענטשן נברך אלהינו...

מילא, וואָס זאָל איך אייך דערציילן? דעם בריסקער רב׳ס תורה? אויב די תורה איז אַ ים, איז ער געווען דער לויתן אין ים, — מיט איין תנועה גיט ער אַ שווים דורך צען מסכתות; מיט איין תנועה מישט ער אויס ש"ס ופוסקים! אַז עס הילכט און שפּריצט, זידט און קאָכט, טאַקע, ווי מען דערציילט פון אמת׳ן ים... דעם קאָפּ האָט ער מיר צעשרויפט... נאָר „לב יודע מרת נפשו!" דאָס האַרץ מיינס האָט פאַרט נישט געהאַט קיין שמחת יום־טוב! און דעמאָלט האָב איך מיר דערמאָנט אין רבי׳נס חלום... און איך בין פאַרשטאַרט געוואָרן! די זון איז געלעגן אין פענצטער, ווייַן האָט ביים טיש נישט געפעלט, דער גאַנצער עולם, זע איך, שוויצט, און מיר? מיר איז געווען קאַלט, קאַלט ווי אייז! און דאַרטן, האָב איך געוואוסט, זאָגט מען אַנדערע

תורה... דאָרטן איז ליכטיג און וואַרים... יעדעס וואָרט איז דורכגעוועבט און דורכגעווייקט מיט אהבה און דבקות... מלאכים, פילט מען, פליען אַרום שטוב; ממש מען הערט, ווי עס רוישן די גרויסע, ווייסע פליגל... אי, רבונו של עולם! נאָר אוועקגיין טאָר מען נישט!

פּלוצלונג האָט ער איבער, דער בריסקער רב, און גיט א פרעג:

— וואָס פאַר א רבי'ן האָט איר עס דאָ?

— איינעם, א נח, ענטפערט מען אים.

מילא, שניידט עס מיך ביים האַרץ! „איינעם, א נח"—אך, די חנופה, די חנופה!

— א בעל־מופת? — פרעגט ער ווייטער.

— ווייניג, מען הערט נישט... ווייבער אפילו דערציילן, נאָר ווער הערט זיי?

ער נעמט אַזוי געלט, אָן מופתים...

זאָגט מען אים שוין דעם אמת, אַז געלט נעמט ער ווייניג און גיט א סך אוועק.

דער בריסקער רב פאַרקלערט זיך.

— און לערנען קען ער

— מען זאָגט—א גדול!

— פון וואַנען איז ער, דער נח?

קיינער ווייסט נישט, און איך מוז ענטפערן. מאַכט זיך שוין א שמועס צווישן מיר מיט'ן בריסקער רב.

— איז ער נישט, דער נח, אַמאָל אין בריסק געווען? — פרעגט ער.

— צי דער רבי,—שטאַמל איך,—איז געוועזן אין בריסק? דאַכט זיך—יאָ!

— א!—מאַכט ער—א חסיד זיינער! און עס האָט זיך מיר נעדאַכט, אַז ער האָט אויף מיר א קוק געטאָן ווי אויף א שפּין.

און ער האָט זיך איבערגעדרייט צום עולם.

— ביי מיר, — זאָגט ער, — איז אַמאָל געוועזן א תלמיד „נח"... אפילו א גוט קעפּל, נאָר עס האָט אים געצויגן אין יענער

זייט אריין — — איך האָב אים איינמאָל געזאָגט, צוויי מאָל...
איך האָב אים געוואָלט זאָגן צום דריטן מאָל, מזהיר זיין, איז ער
מיר נעלם געוואָרן... ― ציִ איז עס נישט דער?

— ווער ווייסט?

און ער הויבט אָן אויסמאָלן: א דארער, א קליינער, א שווארץ
בערדל, שווארצע געקרייזלטע פאות, א פארטראכטער, א שטיל
קול און דערגלייכן.

— עס קען זיין, — זאָגט דער עולם, — אז דאָס איז ער;
קרוב לאמת!

איך האָב שוין גאָט געדאנקט, אז מען האָט אָנגעהויבן
בענטשן.

נאָך נאָך דעם בענטשן איז געשען אזוינס, וואָס עס האָט זיך
מיר גאָרנישט געקענט חלומ'ען.

דער בריסקער רב הויבט זיך אויף פון בענקל, רופט מיך אוועק
אין א זייט און זאָגט מיר שטילערהייט: פיר מיך צו דיין רבי'ן
און מיין תלמיד. נאָר, הערסט, — קיינער זאָל נישט וויסן!

מן הסתם פאָלג איך, נאָר אויפ'ן וועג פרעג איך אים מיט
שרעק:

— בריסקער רב,—זאָג איך,—מיט וואָס פאַר א כונה גייט
איר?

— עס איז מיר איינגעפאלן ביים בענטשן, אז איך בין ביז
אהער געוועזן א דן שלא בפניו... זען וויל איך, איך וויל אליין
זען, און אפשר — האָט ער שפעטער צוגעגעבן — וועט מיר גאָט
העלפן, איך וועל ארויסראטעווען מיינס א תלמיד.

— ווייסט, שייגעץ, — מאכט ער ווייטער מיט הלצה, — אז
אויב דיין רבי איז דער נח, וואָס האָט ביי מיר געלערנט, קען ער
זיין א גדול בישראל, א בריסקער רב אמאָל!

אצינד האָב איך שוין זיכער געוואוסט, אז דאָס איז ער, און
דאָס הארץ האָט ערשט אָנגעהויבן צאפלען...

---

און די צוויי בערג האָבן זיך צוזאמענגעטראָפן... אז איך בין

אין דער מיט נישט געבליבן אויפ'ן אָרט, איז טאַקע א נס מן השמים.

דער ביאַלער רבי, זכרונו־לברכה, פלעגט שמחת־תורה ארויס־שיקן די חסידים שפּאַצירן ארום דער שטאָט, און ער אַליין איז זיך געזעסן אויפ'ן גאַניקל, און געקוקט, און מקבל נחת געוועזן...

עס איז נישט געוועזן היינטיגע ביאַלע. עס איז געוועזן דע־מאָלט גאָר א קליין שטעטל. סאַמע קליינע, נידעריגע, געבויטע הייזלעך; אויסער דער שול מיט'ן רבי'נס בית־המדרש. דעם רבי'נס גאַניקל איז געוועזן אויפ'ן צווייטן שטאָק און מען האָט פון גאַניקל אַלץ געזען ווי אויף דער האַנט — די בערגלעך פון מזרח־זייט, דעם טייך פון מערב... — — און דער רבי זיצט אויפ'ן גאַניקל און קוקט. דערזעט עטלעכע חסידים וואָס גייען און שוויי־גען, וואַרפט ער זיי אַראָפּ פון דער הויך א התחלה פון א ניגון. זיי כאַפּן אונטער און גייען שוין ווייטער זינגענדיג — — און כיתות, כיתות גייען פאַרביי, און לאָזן זיך ארויס פון שטאָט, מיט געזאַנג, מיט אמת'ער פרייד, מיט אמת'ער שמחת־תורה... און דער רבי פלעגט זיך נישט רירן פון גאַניקל.

דעמאָלט אָבער האָט דער רבי, אפּנים, דערהערט אַנדערע טריט, האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אנטקעגן געגאַנגען דעם בריסקער רב.

— שלום־עליכם, רבי,—מאַכט ער מיט עניוות און מיט זיין זיס קול.

— עליכם שלום, נח! — האָט דער בריסקער רב געענטפערט.

— זיצט, רבי!

דער בריסקער רב זעצט זיך און דער ביאַלער רבי שטעלט זיך פאַר אים.

— זאָגט נאָר, נח! — מאַכט דער בריסקער רב מיט אויפגע־הויבענע ברעמען,—וואָס ביזטו עס אנטלאָפן פון מיין ישיבה? וואָס האָט דיר דאָרטן געפעלט?

— עס האָט מיר, רבי, — ענטפערט ער געלאַסן, — אָטעם פאַרפעלט... איך האָב נישט געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן...

— ווי הייסט? וואָס רעדסטו, נח?

— נישט מיר, — פארטייטשט דער רבי מיט א שטיל קול,— נאָר מיין נשמה האָט אָטעם פארפעלט...

— פארוואָס, נח?

— אייער תורה, רבי, איז סאַמע דין, אָן רחמים איז זי! אָן א פונק חסד אין אייער תורה! און דעריבער איז זי אָן שמחה, אָן פרייען אָטעם... סאַמע ברזל ונחושת, אייזערנע חוקים, קו־פערנע דינים... און סאַמע הויכע תורה, פאר לומדים, פאר יחידי סגולה!...

דער בריסקער רב שווייגט און דער רבי זאָגט ווייטער: און זאָגט מיר, רבי, וואָס האָט איר פאר'ן כלל־ישראל? פאר'ן האָלץ־העקער, פאר'ן קצב, פאר'ן באַלמעלאָכע, פאר'ן פראָסטן איד?... בפרט — פאר א זינדיגן איד? וואָס, רבי, האָט איר פאר נישט לומדים?

דער בריסקער רב שווייגט, גלייך ער פארשטייט נישט, וואָס מען רעדט צו אים. און דער ביאַלער רבי שטייט אַלץ פאר אים און זאָגט ווייטער מיט זיין זיס קול:

— זייט מיר מוחל, רבי, נאָר דעם אמת מוז איך אייך זאָגן... הארט איז געווען אייער תורה, הארט און טרוקן, ווייל זי איז נאָר דער גוף און נישט די נשמה פון דער תורה!

— די נשמה? — פרעגט דער בריסקער רב און רייבט זיך דעם הויכן שטערן.

— אודאי! אייער תורה, רבי, האָב איך געזאָגט, איז נאָר פאר יחידי סגולה, פאר למדנים, נישט פאר כל ישראל. און די תורה מוז זיין פאר כל ישראל! די שכינה מוז רוען אויף כל ישראל! וואָרן די תורה איז די נשמה פון כל ישראל!

— און דיין תורה, נח?

— איר ווילט זי זען, רבי?

— תורה—זען? — וואונדערט זיך דער בריסקער רב.

— קומט, רבי, איך וועל זי אייך ווייזן!.... איך וועל אייך איר גלאַנץ ווייזן: די שמחה, וואָס שטראַלט ארויס פון איר אויף אַלע, אויף כל ישראל!

דער בריסקער רב רירט זיך נישט.

— איך בעט איך, רבי, קומט, נישט ווייט!

ער האָט אים אַרויסגעפירט אויפ'ן גאַניקל. שטילערהייט בין איך זיי נאָכגעגאַנגען.

דער רבי האָט דאָך דערפילט: מענסט נאָכגיין, — מאַכט ער, —שמעיה, היינט וועסטו אויך זען... דער בריסקער רב וועט אויך זען... שמחת תורה וועט איר זען... איר וועט זען, אמת'ע שמחת תורה!

און איך האָב געזען דאָס איינענע, וואָס אַלע שמחת־תורה, נאָר איך האָב אַנדערש געזען... ווי א פאָרהאַנג איז מיר אַוועקגעפאַלן פון די אויגן.

אַ גרויסער, ברייטער הימל — ממש אין־סוף, און בלוי, אַזוי העל־בלוי איז דער הימל געווען, אַז עס האָט מחיה געווען דאָס אויג. איבער'ן הימל זיינען געשוואומען ווייסע, ממש זילבערנע, וואָלקנדלעך, און אַז מען האָט זיך אין זיי איינגעקוקט, האָט מען געזען, ווי זיי ציטערן ממש פאַר פרייד, ווי זיי טאַנצן אונטער מיט שמחת תורה! הינטן ווייטער האָט אַרומגענומען די שטאָט א גרינער, ברייטער גאַרטל, א טונקל־גרינער, נאָר דאָס גרינע איז געווען לעבעדיג גרין, אַזוי לעבעדיג, גלייך עס וואָלט א „חיות" אַרומגעפלויגן צווישן די גראָזן; וואָס א מאָל, האָט זיך געדאַכט, פלאַמט ערגעץ אַנדערש אויס א חיות, א געשמאַק, א לעבן; — מען האָט געזען בחוש, ווי די פלעמלעך שפרינגען און טאַנצן צווישן די גרעזעלעך... גלייך זיי האַלזן זיי און קושן זיי...

און אויף די לאַנקעס מיט די פלעמלעך האָבן זיך אַרומגעדרייט כיתות און כיתות פון חסידים... די אַטלעסענע און אפילו די לאַסטינגענע קאַפּאָטעס האָבן געבלאַנקט ווי די שפּיגל, די צעריסענע ווי די גאַנצע... און די פלעמלעך, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון צווישן די גרעזעלעך, האָבן זיך געכאַפּט און געציעפּעט אָן די שפּיגלדיגע בגדי יום־טוב, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי טאַנצן אַרום יעדן חסיד, מיט התלהבות, מיט ליבשאַפט... און אַלע כיתות חסידים האָבן געקוקט מיט וואונדערלעך דאַרשטיגע אויגן אַרויף צום רבינ'ס גאַניקל... און די דאַרשטיגע אויגן, האָב איך געזען ממש בחוש, זויגן פון גאַניקל, פון רבי'נס

פנים, די ליכט, און וואס מער ליכט זיי האבן געזוינגן, העכער געזונגען האבן זיי... אלץ העכער און העכער... אלץ לוסטיגער, אלץ הייליגער...

און יעדע כיתה האט זיך געזונגען איר ניגון, נאר אין דער לופט האבן זיך די אלע ניגונים מיט אלע קולות אויסגעמישט; און צום רבינ׳ס גאניקל איז צוגעקומען איין זמר, איין ניגון... גלייך אלע זינגען איין זמר. און אלע זינגען — דער הימל זינגט, די גלגלים זינגען, און די ערד פון אונטן זינגט, און די נשמה פון דער וועלט זינגט — — אלץ זינגט!

רבונו של עולם! איך האב געמיינט איך צעגיי אין מתיקות... עס איז אבער נישט באשערט געווען.

— מען דארף מנחה דאווענען! — האט פלוצים דער בריסקער רב ארויסגעזאגט שארף; און אלץ איז פארשוואונדן געווארן...

שטיל — דער פארהאנג איז מיר צוריקגעפאלן פאר די אויגן: אויבן—א פשוט׳ער הימל, אונטן—פשוט׳ע פאשע, פשוט׳ע חסידים אין צעריסענע קאפאטעס... אלטע צעריסענע שטיקלעך ניגונים... אויסגעלאשן די פלעמלעך — איך קוק אויפ׳ן רבי׳ן, זיין פנים איז אויך חושך — — — —

---

זיי האבן זיך נישט אויסגעגלייכט; דער בריסקער רב איז געבליבן א מתנגד ווי פריער; מיט דעם איז ער אוועקגעפארן!

דאך א פעולה האט עס געהאט! גע׳רודפ׳ט האט ער שוין נישט.—

---

# התגלות

אָדער

# די מעשה פון ציגנבאָק

דערציילט האָט ר' נחמנ'קע די מעשה א שבת־צונאַכטס, אינ־גאַנצן א פּאָר וואָכן נאָכ'ן התגלות.

נתגלה איז ער געוואָרן, ווי דער סדר עולם איז, על־פּי מקרה: עס קומט א איד צי א אידענע און כאַפּט אָן ביי א פּאָלע און שלעפּט אראָפּ פון די עולמות העליונים; אן עצה דאַרף ער: וועגן פּרנסה, וועגן א שידוך פאַר א בוגרת, א רפואה פאַר א מקשה לילד צי אַזוי אויף א מחלה שלא תבא... און גיי זאָג אָפּ אידן! כאַפּט מען זיך ארוים א וואָרט, ווערט עס מקוים, איינמאָל, דאָס צווייטע מאָל — שווימט עס ארוים, ווי בוימל אויפ'ן וואַסער, ציט מען שוין פון אַלע זייטן...

דאָס אייגענע איז געווען מיט ר' נחמנ'קען... ער האָט דען געוואָלט אימיצן עפּעס אָפּזאָגן? — און מען איז געוואָר געוואָרן; דער שטילער נר־תמיד האָט זיך צעפלאַקערט און לייכט שוין אין די גאַסן!

מילא, אין שטעטל ווערט שוין א שמחה, א גדולה. פון איין צד — צרות פעלן נישט, א גוטער איד קומט צונויף; פון צווייטן צד—וועט זיין פּרנסה, מען זעט שוין אַז מען וועט קומען מארבע כנפות הארץ... און ווי שוואָמען נאָך א רעגן וואַקסן שוין קליינע מופתים'לעך, היימישע נסים'לעך — אַז א מענטש קאָן קיינעם נישט אָפּזאָגן, און כל־היוצא מפּיו איז א דבר מלכות! לאָזט זיך שוין תיכף ומיד דער קלאַנג ארוים אויף דער סביבה. אויף שבת מוז מען שוין אויסהאַקן צוויי ווענט, דעקט מען שוין א טיש איבער דריי שטיבער: שטאָט־לייט, אורחים פון דערפער, פון ארומיגע

שטעטלעך... מען שטעלט שוין וויינען, פּירות; אגב, איז געווען יענץ יאָר א גערעטעניש אויף פּירות...

און די שמחה וואַקסט מיט יעדן פּנים חדשות. צו שלש־סעודות קנאַקט שוין פון די פענצטער ארויס א „בני היכלא", אַז די שטערנדלעך אין הימל טאַנצן אונטער פאר שמחה! געלויבט, זאָגט מען, איז זיין ליבער נאָמען, מען מאַכט א טענצל אַרום טיש... און ער, ר' נחמנ'קע, דער בעל־שמחה אַליין, אויבנאָן און — גאָרנישט. צו הבדלה פאַלט ער גאָר אריין אין עצבות — ממש די הענט ציטערן אים, ער וועט נאָך ארויסלאָזן דעם כוס מיט דער הבדלה פון האַנט... נאָך הבדלה פאַרזעצט ער זיך אין א ווינקעלע, זאָגט אַפּ פאר זיך, וואָס מען דאַרף צו זאָגן, און פּלוצ־לונג הויבט ער זיך אויף און גייט ארויס פון שטוב.

וויל דער עולם, פאַרשטייט זיך, נאָכגיין; דרייט ער זיך אויס און ווינקט אויף ניין; בלייבט מען, לאָזט מען זיך צו צום פענצ־טער, זעט מען, ווי ער גייט איבער'ן מאַרק און לאָזט זיך פון שטעטל ארויס, איינגעבויגן, וואַקלדיג, ווי אַן אמת'ער שרוי בצער. פאַלט אויף אַלע א מרה־שחורה.

טייל זעצן זיך צוריק צום טיש, אַנדערע גייען אויף און אַפּ. נאָך אַנדערע גייען אַהיים... דער עולם, וואָס איז געבליבן, וויל זיך נעמען זינגען די „אליהו'ס" — עס זינגט זיך נישט; מען שיקט נאָך א ביסל משקה—עס טרינקט זיך נישט!

— וואָס? ווען? וואָס פעלט אַזאַ איד?

— מיט פּרנסה — פאַלט אריין א גראָבער פליגל — איז ער שוין פאַרזאָרגט! וואָרפט מען, מן־הסתם, אויף אים אַן אויג, אַז דער מוטער'ס מילך ווערט אים אנטרונען, די שאלה בלייבט דאָך אָבער שאלה!—

— אַז א איד קומט אין אַזאַ מדרגה — זאָגט מען — דאַרף ער זיין אָנגעגאָסן מיט שמחה!

באותו מעמד איז געווען איינער ר' יהושע, א פאַרצעוועטער מלמד, נאָך מרואי פּני המלך — פון בעל־שם'ס לייט, א מזג טוב, ממש א מענטש אָן א גאַל, ווערט דער ר' יהושע בייז:

— עצבות — שטאַמלט ער, — נעבעך א כבד־פּה געווען —

וואָס הייסט עצ־עצ־עצבות — א איד קומט צו'ן אזא מדרגה און קאָן אידן טובות טאָן—ברעכן, ווי זאָגט מען עס, א גזר דין... הא? וואָס?

— אודאי! — איז מסכים דער עולם. — ווייניג האָט ער שוין געהאָלפן?—און מען הויבט אָן דערציילן מעשיות. ווייזט זיך אויס, אז במשך פון דער קורצער צייט האָט ער שוין א סך פועל־יוצא געווען... מילא, די מעשיות וויל איך אייך נישט אי־בערדערציילן — א טיפה מן הים געגן דעם, וואָס שפּעטער איז געווען... נאָר די מעשה פון דער ציג מוז איך אייך דערציילן, ווייל דאָס באַווייזט, ווי גרוים עניו, ווי ווייט לב־טוב ער איז גע־ווען!

אין שטעטל איז געווען אן אַלטע אידענע, אן אלמנה, א פשוט'ע, עפּעס א שניידער'ס אן אלמנה. האָט זי, די אלמנה, גע־האַט א ציג. האָט זי געלעבט פון דער ציג. די גאַנצע ציג איז ווערט געווען א שמעק־טאַבאַק, נאָר אן אַלטע אידענע,—האָט זי חיונה פון דער ציג. איז איר שפּעטער אָבער שווער געוואָרן צו מעלקן די ציג; א אידענע אויף דער עלטער, האָבן איר, לאַ־עליכם, די הענט געציטערט, האָט זי פאַרגאָסן עטלעכע טראָפּן מילך. אומשטיינס געזאָגט, וויפיל מילך די גאַנצע ציג האָט גע־האַט—כאַפּט זי און שלעפּט זיך צו ר' נחמנ'קען, באשר די ציג איז א שלעכטע ציג, האָט קיין דרך־ארץ נישט פאַר אן אַלטער אידענע, און לאָזט זיך נישט רואיג מעלקן... הערט ער זי אוים און שמייכלט; זאָגט ער איר: גיי אהיים, אידענע, וועסט גע־האָלפן ווערן... און זי איז געהאָלפן געוואָרן... דאָס הייסט, די הענט האָבן איר נישט אויפגעהערט צו ציטערן, א זקנה מופלגת געווען, אן אבציגערין אודאי, אפשר מיט א שמיץ—נאָר די ציג איז גאָר אן אַנדער ציג געוואָרן, האָט אָנגעהויבן אַליין צו קומען זיך מעלקן צו דער צייט, און פלעגט זיך אַליין אַנידערשטעלן, אויפ־הויבן א פיסל און שטיין אזוי ביז'ן לעצטן טראָפּן מילך!

נאָך דער מעשה פון דער ציג וויל נאָך אימיצער עפּעס דער־ציילן, דאַכט זיך א מעשה מיט צער גדול בנים... ער הויבט אָן, הערט זיך אָבער א קול פון יענער זייט פענצטער:

— נאָכאמאָל גוט־וואָך, אידן!

דעם רבי׳נס קול.

גיט זיך דער עולם א לאָז צום פענצטער. שטייט ער, ר׳ נחמנ׳קע, מיט דעם עלנבויגן אָנגעשפּאַרט אויף דער לייסט פון פענצטער, דער קאָפּ אויף די הענט, די אויגן לייכטן אים משונה־גוט, נאָר אַלץ נישט פריילעך.—

— איך וועל אייך דערציילן,—זאָגט ער,—א מעשה... עס זאָל אייך נישט וואונדערן...

ווייל מען אים ארויסדערלאַנגען א בענקל, לאָזט ער נישט; ער וויל שטיין. לויפט אַרוים א האַלבער עולם און שטעלט זיך הינ־טער אים. שטייט ער אַזוי ביים פענצטער, און אויבן אין דער הויך שטעלט זיך אים די לבנה, ווי א קרוין איבער׳ן קאָפּ... און אַזוי שטייענדיג האָט ער דערציילט די מעשה פון ציגנבאָק וועגן ענין פון התגלות...

— אמאָל,—האָט ער אָנגעהויבן, און דאָס קול איז געווען אָנ־געזאָפּט פון עצבות—איז געווען א ציגנבאָק.

אין פלוג, א ציגנבאָק ווי אַלע ציגנבעק, אפשר נישט... עס האָט׳ן קיינער נישט געמאָסטן... עס האָט׳ן קיינער נישט געקענט.

וואָרים ליב האָט ער געהאַט התבודדות; ער האָט זיך קיינ־מאָל אין רשות הרבים נישט געוויזן... געוועזן... געווען א בכור און אפשר נישט קיין בכור.

געוועז איז הינטער דער שטאָט אַן אַלטע חורבה... פון דור־דורות א מפּולת. געזאָגט האָט מען, און עס איז, אפנים, אמת געווען: א חורבה פון א מקום־קדוש, א שול צי א בית־המדרש... אמאָל האָט מען דאָ געדאווענט, תורה געלערנט, און אפשר, ווען דאָס מקום קדוש איז חרוב געוואָרן, איז עמיץ דאָ אומגעקומען אויף קדוש השם... אַלטע מעשיות... היינט וואַקסט אויף דער חורבה גראָז.. משונה גראָז... גאָט׳ס גראָז, קיינער זייט עס נישט, קיינער שניידט עס נישט...

אָט אין דער חורבה האָט דער ציגנבאָק געוואוינט, דאָס גראָז האָט ער געגעסן...

און אויף אַזוינע חורבות, ווי געזאָגט, וואַקסט משונה גראָז—

א סגולה אויף הערנער... פון אזא גראָז וואַקסן זיי געשווינד און הויך, הויך... און נאָך א סגולה האָט דאָס גראָז: די הערנער, וואָס וואַקסן דערפון, זיינען לעבעדיגע הערנער: זיי לאָזן זיך איינדרייען און באַהאַלטן זיך און אויסגלייכן און נתגלה ווערן...

וואָרים אז זיי זיינען איינגעדרייט, איז גאָרנישט! ליגן זיי שטיל, ווייסט קיינער נישט עד היכן הדברים מגיעים... גלייכן זיי זיך אָבער אויס, קאָן זיי עד לב השמים!

און דער ציגנבאָק איז נאָך א גרויסער נזיר געווען. אן אָפּגעהיטענער נזיר: ער האָט קיין אַנדער גראָז אין מויל אַריין נישט גענומען, קיין צופּ נישט געטאָן... נאָר חורבה־גראָז... אויך נישט פון דער גאַנצער חורבה... ער האָט זיך פאַרשטאַנען אויף גראָז, און אויסגעקליבן דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, הן אין געשמאַק, הן אין ריח... און ער איז א גרויסער, א גרויסער מבין געווען אויף גראָז: דאָס, האָט ער געפילט, וואַקסט אויפ׳ן אָרט פון תורה לשמה... יענץ—פון תפילה בכונה, און דאָס איז גאָר פון בלוט, פון אידיש בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן על קדוש השם... און דאָס האָט ער דער עיקר געזוכט...

זיינען טאַקע די הערנער געוואָקסן און געוואָקסן...

און די הערנער האָט ער געהאַלטן פאַרדרייט, א נזיר געווען און א נסתר... נאָר אינמיטן דער נאַכט, ווען דאָס שטעטל שלאָפט, און פרומע אידן זיינען אין שולן און בתי־מדרשים און זאָגן חצות, און דורך די פענצטער פון שולן און בתי־מדרשים רייסט זיך אַרויס דאָס האַרץ־ווייטאָג פון „על נהרות בבל” און צעגיסט זיך צווישן הימל און ערד, דעמאָלט כאַפּט אָן דעם ציגנבאָק א הייס־בייסנדיג בענקעניש, שטעלט ער זיך אויף די הינטערשטע פיס, גלייכט ער אויס די הערנער, ציט זיך אַרויף, אַרויף, און אויב עס איז נאָך א יונגע, ערשט געבענטשטע און געהייליגטע לבנה, פאַרוואַרפט ער די שפּיצן איבער איר אונטערשטן עק, פאַרהאַלט זי און פרעגט:

— וואָס הערט זיך דאָרט, הייליגע לבנה? נאָך נישט צייט, משיח זאָל קומען?

און די לבנה חזר׳ט איבער די שאלה פאַר די שטערן און די

שטערן ווערן ווי פארציטערט, און פארהאלטן זי אין איר וועג. און עס ווערט שטיל. שטיל בלייבט די נאכט, איר זמר האקט זיך אפ... וואונדערט מען זיך אויבן, ביים כסא הכבוד, וואס מען הערט נישט די שירה פון דער נאכט. שיקט מען אראפ געוואר ווערן, וואס עס קען זיין, ברענגט דער שליח די תשובה, אז לבנה און שטערן פארהאלטן זיך און פרעגן, צי עס איז נאך נישט צייט אויסגעלייזט צו ווערן...

זיפצט מען ביים כסא הכבוד...
און אזוינס קאן א פעולה האבן...

---

און דא האט זיך ר' נחמנ'קעס קול אפגעריסן...

ער פארשטעלט זיך דאס פנים מיט די הענט, און דער קאפ מיט די הענט, זעט מען בחוש, ווי זיי ציטערן, און די לבנה אין דער הויך, וואס האט זיך געשטעלט ווי א קרוין איבער זיין קאפ, דאכט זיך, ציטערט אויך... און ערשט נאך א ווײַלע האט ער אויפגעהויבן דעם קאפ, עס האט זיך באוויזן נאך א בלאסער פנים, און מיט א וואונדערלעך פארציטערט קול האט ער ווייטער דער־ציילט:

— און דאס,—זאגט ער,—וואס ער האט זיך דא געהאלטן, איז שוין אויך געווען א גרויס חסד פון אים...

אן אנדערער, האט אזוינע הערנער, פארצעפעסט די לבנה, שפרינג אונטער, מאך א קאזיאלקע ארויף... אין הימל אריין, לעבעדיגערהייט אין גן־עדן אריין... וואס גייט דיך אן?

איז ער א בעל־רחמים; איז אים די קהילה א שאד; וויל ער זי נישט פארלאזן... פון צייט צו צייט — הונגער־יארן, די קהילה הויבט אן אפצופאלן, ווייבער פארקויפן פון זיך אראפ דאס צי־רונג, מענער — די עטרות פון קיטלען און טליתים... חנוכה־לעמפלעך, שבת־לייכטער, בגדי שבת ויום־טוב — וואנדערן פון שטעטל ארויס... און עס ווערט ערגער... מען נעמט תינוקות של בית רבן פון חדר ארויס; נישטא קיין רבי געלט צו צאלן... מען הויבט אן פאכן מיט די נשמות—עס קומען תחלואים רעים פאר, הונגער, און דעמאלט מוז ער העלפן!

פאַראַן אין הימל אַ „מילך־וועג", אַזוי רופן די שטערנזעערס די ווייסלעכע פלעקן, וואָס זיינען צעוואָרפן אויפ'ן הימל. עס איז אָבער קיין וועג נישט... קיינער גייט נישט, קיינער פאָרט נישט דאָרט...

פעלדער זיינען עס. גרויסע, גרויסע פעלדער, פאַרזייטע מיט טייערע שטיינער, מיט אבנים טובות ומרגליות, אין לשער ואין לספר — אבנים טובות ומרגליות אויף קרוינען פאַר צדיקים אין גן־עדן אַריין... קיינער רעכנט נישט, קיינער ציילט זיי נישט — כחול הים! זיי וואַקסן און וואַקסן, די אבנים טובות ומרגליות, זיי ווערן וואָס אַמאָל מער, צדיקים — וואָס אַמאָל ווייניגער — זאָלן זיי זיך וואַקסן! פאַרשפּרייטן זיך די פעלדער.

און אַז דאָ איז כלו כל הקצין, און דער גזר־דין לאָזט זיך, חס־ושלום, נישט ברעכן... גייט ער, דער באַהאַלטענער באַלעבאָס פון די לעבעדיגע הערנער, אין אַ שטילער מיטער־נאַכט, ווען דאָס שטעטל שלאָפט און פון שולן און בתי־מדרשים שווימט אַרויס אַ שטיל געוויין אויף גלות ישראל און גלות־השכינה, — און שטעלט זיך אויף די הינטערשטע פיס, און גלייכט אויס די הערנער, און פאַרוואַרפט די שפּיצן צום מילך־וועג אַרויף, און פאַרציעפּעט און רייסט אויס אַן אבן־טוב, און וואַרפט עס אינמיטן מאַרק אַריין. צעשפּריצט זיך אַזאַ אבן־טוב אויף טויזנטער שטיק־לעך, גייען אידעלעך אַהיים פון חצות, פינקלט דער מאַרק פון אבנים טובות, געפינען זיי כשר'ע מציאות, איז דאָ פּרנסה אויף אַ צייט...

דעריבער קאָן ער נישט אַרויף.

---

און ווייטער רייסט זיך אָפּ זיין קול און נאָך אַ ווײַלע הויבט ער ווייטער אָן:

— „און דאָס רחמנות האָט'ן איבערגעפירט"...

דורכ'ן גוטסקייט איז ער נתגלה געוואָרן; נישט ער — די הערנער...

און דורך אַ קליינינקייט. דורך טאַבאַק שמעקן...

און וואונדערלעך האָט אָנגעהויבן קלינגען דאָס קול ביים

סוף פון דער מעשה, און מען ווייסט נישט, צי לאכט עס, צי וויינט עס?

— איבער טאבאק שמעקן,—זאגט ער,—עס איז א מנהג געווארן צו שמעקן טאבאק... עס ווערט, זאגט מען, ליכטיג אין די אויגן. נו, אז מען שמעקט טאבאק, דארף מען פושקעלעך, שקעטעלעך... זוכט זיך א איד א שטיקל האָרן, געפינט ער אין מיסט, הויבט ער אויף און מאכט זיך אַ שקעטעלע... גייט אַן אנ־דערער און טרעפט אַ ציג צי אַ בהמה און בעט אַ שטיק האָרן, קריגט ער א זעץ אָן א זייט... מאכט זיך אָבער, אז א איד טרעפט אויפ'ן ציגנבאָק, גראָד פארבייגעגאנגען דער חורבה, בעט ער:

— בכור, צי נישט בכור, האָסט אזוי פיל האָרן, שענק מיר דערפון א שטיקל אויף א פושקעלע!... קאָן ער נישט אָפּזאָגן —

שניידט דער איד אָפּ א שטיקל... קומט ער אין בית־המדרש אריין און איז מכבד מיט א שמעק טאבאק, פרעגט מען אים, וואו ער האָט באַקומען אזא פיינעם האָרן, זאָגט ער... גייט שוין קינד און קייט בעטן... ווער עס שמעקט טאבאק... קאָן ער נישט אָפּ־זאָגן... בויגט ער פאר יעדן איין דעם קאָפּ, שניידט מען האָרן אויף פושקעלעך... ווער עס קומט, בויגט ער איין דעם קאָפּ: שנייד... און דער האָרן קריגט א שם, פון דער סביבה קומט מען נאָך האָרן... מען וועט קומען פון כל תפוצות ישראל... עס וועט זיין פושקעלעך און שקעטעלעך... נאָר אָנכאַפּן זיך אָן דער לבנה און פרעגן אויף משיח'ן וועט באַלד נישט זיין מיט וואָס... אפילו אן אבן־טוב וועט נישט זיין מיט וואָס אראָפּצואוואַרפן...

און ער האָט אָפּגעהאַקט, איבערגעדרייט זיך פון עולם און איז אוועקגעגאַנגען...

באותו הרגע האָט א וואָלקן פארשטעלט די לבנה, און א טרויער און כמעט אן אימה איז אויפ'ן עולם געפאלן...

בידוע, האָט זיך עס פונדעסטוועגן אויסגעלאָזט צום גוטן.

---

# ר׳ נחמנ׳קעס מעשיות

## דאָס בלאָנדזשען אין מדבר

.1

### נאָך וואָס און ווען ר׳ נחמנ׳קע פלעגט דערציילן מעשיות

די מעשיות פלעגט ר׳ נחמנ׳קע דערציילן מוצאי שבת נאָך הבדלה.

און וויסן דאַרף מען, אַז תכלית המעשיות איז געווען, ערשטענס, מגלה צו זיין סתרי תורה, וואָס מען קען נישט מסביר זיין, נאָר בדרך משל, און צווייטנס—צו פאַרטרייבן די מרה־שחורה, דאָס עצבות און בענקעניש צו דער נשמה־יתרה, וואָס טוט זיך אָפּ אויף א גאַנצע וואָך...

די בשמים, פלעגט ער זאָגן, גיבן זייער ריח פאַר׳ן גוף, די מעשה׳לעך — פאַר דער נשמה, פאַר דער פאַר׳יתום׳טער, וואָכעדיגער נשמה.

וואָרים דאָס בענקעניש צו דער נשמה יתרה איז געווען ביי אונז אין לשער. ער פלעגט זאָגן: ווען א איד האָט די נשמה־יתרה א גאַנצע וואָך, וואָלט ער א גאַנצע וואָך געהאַט בטחון, און ממילא—פרנסה.

און דאָס קול, מיט וועלכן ער פלעגט די מעשה׳לעך דערציילן, איז נשתנה געוואָרן לויט דעם ענין, לויט דעם תוך פון מעשה׳לע, עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַן עצבות פון אַן „אל מלא רחמים״, און עס האָט געקענט קומען צו דער שמחה פון א „היום־תאמצנו״, אָדער נאָר דערגרייכן צו דער מדרגה פון דער הייליגער גבורה פון

א „יגדל"... נאָר די מעשה פון זיין בלאָנדזשען אין מדבר האָט ער אָנגעהויבן מיט עצבות און געענדיגט מיט עצבות...

וואָרים עס איז אַן אויסטערלישער מוצאי שבת געווען; אויס־טערליש ווי דער שבת אליין.

א גאַנצן שבת האָט מען זיך, כמעט אומזיסט, געבאַרעט מיט דער מרה־שחורה... ערשטנס, איז א קליינער קבוץ געווען הן בכמות, הן באיכות — עס איז שוין געווען די התחלה פון מחלוקת צווישן ר' נחמנ'קען און אַנדערע צדיקי הדור, האָט זיך דער עולם א ביסל דערשראָקן און זיך געהאַלטן פון ווייטן; עס האָט אויס־געזען רחמנא לצלן, ווי א חורבן. „מיינע חיילות — האָט ר' נחמנ'קע געזאָגט — קענען נאָך קיין פּולווער נישט שמעקן". און צווייטנס, איז דער טאָג אליין אָנגעזאַפּט געווען מיט אומעט.

אינדערפרי — מקוה־צייט — האָט זיך געדאַכט, — קיין מעשה נישט: א זון, א ביסל קאַלטלעך, נאָר א זון. עס האָבן זיך באַ־וויזן עטלעכע כמארעס, האָט זיך געמאַכט א ווינטל, און האָט זיי צעריסן אויף שטיקער און צוויטן, און אָפּגעטריבן פון דער זון. „זה ינחמנו"—האָט ר' נחמנ'קע געזאָגט, ווייזנדיג אויף דער זון. עס האָט זיך אָבער נישט אויסגעפירט: די שטיקער און צוויטן האָבן זיך צוריק מצטרף געווען, און צו שחרית איז שוין דער הימל געווען איבערגעצויגן מיט א פּרוכת, ווי אויף שבת חזון. דער ווינט האָט נישט אויסגעפירט; האָט ער אָנגעהויבן זאָגן קינות. מיר זיצן ביים טיש און זינגען זמירות, דער ווינט אין דרויסן זאָגט קינות. און די שויבן אין די פענצטער האַלטן אונטער, און מיט אַזאַ מין עצבות, אַז עס האָט אונז אַראָפּגעפירט אויף סאַמע ימים־נוראים'דיגע ניגונים.

צו שלש־סעודות האָט זיך—איך געדענק עס ווי היינט—דער ווינט געלייגט, און עס האָט אָנגעהויבן א גאָס־רעגן, ווי אויף א מבול, חס ושלום! און עס האָט שוין אַזוי גערעגנט און גערעגנט, אַז „אין יוצא ואין בא", און קאָפּ אויף קאָפּ זיינען מיר געשטאַ־נען ביים רבי'ן אין שטוב...

באַלד נאָך הבדלה האָט ר' נחמנ'קע פאַררויכערט די ליולקע. בידוע, איז דאָס רויכערן ביי ר' נחמנ'קען שטענדיג געווען א מין

עבודות. ער פלעגט קיינמאָל נישט רויכערן, נישט לשם תענוג, נישט לשם רפואה, נאָר עפּעס פּועל־יוצא זיין. דאָס ווייס איך מפּיו הקדוש. נאָר דעמאָלט האָט מען געזען בחוש, אַז מיט'ן רויכערן האַלט ער ממש מלחמה, אַז ער ראַנגלט זיך; די רינגען זיינען אַרויס פּיו הקדוש, טאַקע „כחצים מיד גבור"... שטיין שטייט „ביד", נאָר עס איז אַלץ איינס...

ווי געזאָגט—„אין יוצא ואין בא". דער עולם שטייט אַרום און אַרום און ר' נחמנ'קע זיצט אין דער מיט, אין סאַמע־ראָדנע מיט, אויפ'ן רויט־סאַמעטענעם פאָטער־שטול — אַ מתנה פון אַ דאַנציגער סוחר — און פּיפּקעט. און וואָס מער ער האָט געפּיפּקעט, קלענער איז געוואָרן די מרה־שחורה, און עיניו הקדושות האָבן שוין אָנגעהויבן לייכטן און פינקלען, כמנהגם. און עס האָט אָנגעהויבן פון זיי אַרויסצושיינען און אַרויסבליצן דער שטאַרקער רצון און די אמת'ע גבורה פון אַן אמת'ן צדיק־הדור, וואָס ווייסט, אַז סוף כל סוף, אויספירן מוז ער! אַז ער איז פּאָרט דער רעדל־פירער, דאָס אויבערשטע פון שטויסל— דער מנהיג הדור, וואָס האָט גאָר קיין חשק נישט, אַרויסצולאָזן די לייצן פון האַנט...

און אַז דער עולם אַרום האָט דאָס דערזען, האָט ער געמאַכט יד־אחת, און עס איז געוואָרן אַ געפּיפּקעריי! — טאַקע אין לשער! און דער עתר ענן הקטורת האָט זיך געהויבן, און געהויבן, און ר' נחמנ'קעס אויגן האָבן אָנגעהויבן לייכטן ווי די שטערן... און די ליכט אין די לייכטער און „שאַבאַשניקעס" זיינען גרין און געל געוואָרן פאַר בושה, און אין רויך איז פאַרשוואונדן, נעלם געוואָרן די סטעליע, און דער עולם האָט דערפילט, אַז מען האָט איבער זיך אָן אָפענעם הימל... און מען האָט ממש געהערט דאָס רוישן פון די פליגל איבער די קעפּ, און מען האָט געוואוסט, אַז דאָס רוישן די פליגל פון די מלאכים, וואָס זיינען געקומען צו שוועבן ממלא צו זיין דעם חסרון פון קבוץ, און אַז זיי וואַרטן עס און בענקען גלייך מיט אונז צום רבי'נס מעשה'לעך.

און ער האָט אָנגעהויבן...

---

.2

# וועגן בלאָנדזשען

איינמאָל, — האָט ער אָנגעהויבן שטיל — האָב איך גע־בלאָנדזשעט.

און צוגעגעבן האָט ער, אַז עס איז ביי אים געוועזן נישט דאָס ערשטע, נישט דאָס לעצטע מאָל.

און גרעסערע פון מיר, — זאָגט ער, — האָבן געבלאָנדזשעט. אין לשער זיין עניוות...

און עס איז קיין חידוש נישט.

מי לנו גדול ממשה?

נעמט משה רבנו און שלאָגט א שטיין...

צי ווייסט נישט משה רבנו, אַז א שטיין לעבט, אַז עס איז א צער־בעלי־חיים?

צי ווייסט ער נישט דעם סוד פון: „אבן מקיר תזעק" — א שטיין פון דער וואַנט וועט שרייען? אַז כמה וכמה פעמים גייט גאָר א מענטש און פאַרגעסט און ערשט א שטיין, א גל־עד, אָדער גאָר א פשוט'ע מצבה דערמאָנט אים?

ער האָט געבלאָנדזשעט! די שכינה איז נסתלק געוואָרן אויף א רגע, האָט ער געבלאָנדזשעט!

און ווער בלאָנדזשעט נישט?

אפשר א מתנגד?

דאָס הייסט: ער בלאָנדזשעט אויך, נאָר נישט מיט זיין איי־גענער כונה, און—נישט אויף זיין אייגענעם חשבון!

ער בלאָנדזשעט לויט כונה פון א ספר, אויפ'ן חשבון פון א פוסק! ער אליין — נישט! ער גייט נאָר אויפ'ן אויסגעטראָטע־נעם וועג, פון קדמונים'ס פיס אויסגעטראָטן! און כאַפּט זיך דער וועג אראָפּ אָן א זייט, איז—„אבותינו חטאו"—די, וואָס האָבן אויסגעטראָטן דעם וועג! אים אליין וואָלט עס גאָרנישט איינ־געפאַלן!

אָבער אזוי—בלאָנדזשעט מען!

עס גייט ארום א מענטש אין גאַס מיט א צדקה־פושקע אין

דער האנט, אויף מעות־חטין, למשל. פורים און חנוכה זיצט א נגיד'ישער מענטש ביים בייטל מיט געלט און טיילט: פאר פורים־שפילער, פאר קלעזמער, פאר אלמנות ויתומים און אזוי אָרימע־לייט... עס שטייט גאָר אַ שליח־צבור ביים עמוד און רייסט איין וועלטן! עס פארטיפט זיך גאָר א בר־נש אין קבלה־מעשיות און איז ממש מחיה מתים... און באמת איז עס גארנישט דער מענטש אליין, נאָר אַ שאָטן פון א מענטש, און ער אליין, דער מענטש, בלאָנדזעט, רחמנא יצילנו, ארום אין א מדבר... אויף א וויסט אָרט, אָן וועג און שטעג, אָן וואסער, און טיילמאָל, אָן א הימל איבער'ן קאָפּ!

א מענטש איז זיך גאָר משמח: ער זאָגט חידושי־תורה און האָט הנאה! ער האלט גאָר א שטורקאַץ, א ברענענדיגן שטורקאַץ, צי א הבדלה אין דער האנט — ער פירט צו דער חופה זיינע אייגענע, אָדער פרעמדע, אָרימע קינדער. צי ער שטייט גאָר מיט א גדלות פאר'ן עולם, און זאָגט „אתה הראית"! ער איז זיך גאָר מוסר נפש און קומט אום על־קדוש־השם... און דאָס אַלץ, רחמנא לצלן, טוט דער גוף, און די נשמה וואנדערט באותה שעה אָרום הינטער די הרי־חושך... א צעשראָקענע, א פארמאטערטע, א פארשווארצטע און פארציטערטע פאר קעלט.

.3

## דער ענין פון בלאָנדזשען אין מדבר

— הכלל,—האָט ער אָפּגעזיפצט—איך האָב פארבלאָנדזשעט.

און ווען?

ביי שחרית, ביי דער „ד'" פון אחד...

איך בין טיף אריין אין דער „ד'" מיט א כונה פון דער רעכטער זייט, און ארויס בין איך אין דער לינקער זייט—גלייך אין מדבר אריין.

און ווייסט איר וואָס „בלאָנדזשען אין א מדבר" באדייט?

עס בלאָנדזשען ארום אין א מדבר כפלים כיוצאי מצרים, און איינער זעט דעם צווייטן נישט, און איינער הערט דעם צווייטן

נישט, ווייל יעדערער בלאָנדזשעט זיין אייגענעם וועג... מען בלאָנדזשעט שטענדיג ביחידות, פאַרלאָזט און פאַרגעסן פון דער וועלט.

און טרעפט זיך, אַז צוויי וועגן זיינען זיך נישט ווייט, אוז מען הערט אויף איין וועג אַ קרעכץ פון שברות הלב אויפ׳ן צוויי־טען, אָדער עס ליגט זיך פון איין וועג אויפ׳ן צווייטן אַ שאָטן פון אַ צעבראָכענעם מענטש... מיינט מען: אַ חיה רעה האָט גע־שריען, אַ שאָטן פון אַ חיה רעה האָט זיך געלייגט איבער׳ן וועג, און מען אַנטלויפט!

און האָט מען שוין אַ הימל איבער׳ן קאָפּ, איז עס אַ קאַל־טער הימל. קוקט ער אויף דיר מיט קאַלטע אויגן פון כוכבים ומזלות: „מיין דאגה" הייסט עס... אַ גרויסע זאַך, עס בלאָנדזשעט אַ מענטש! און עס איז נאָך אַ מין „לועג לרש". די כוכבים ומזלות זאָגן: מיר בלאָנדזשען נישט! מיר גייען אונזער וועג... מיר זוכן קיין כונות נישט! מען הייסט אונז גיין, גייען מיר; מען הייסט אונז לייכטן, לייכטן מיר—אמת׳ע מתנגדים!

און ביחידות פילט מען זיך אַזוי פאַר׳יתומ׳ט, אַזוי פאַרלאָזט, אַזוי דערשלאָגן, אַז עס ווילט זיך גאָרנישט אויפהויבן דעם קאָפּ צום הימל! מען קוקט אַראָפּ אויף די פיס; אויפ׳ן זאמד, וואָס קויקלט זיך אונטער די פיס, אויפ׳ן בית־עלמין פון פוילע געוויקסן און בלעטער—נשרפים פאַר דער צייט...

און איך וואָלט אפשר פאַרבלאָנדזשעט ביז׳ן שאול־תחתיה אַריין, ווען נישט דער ספק. עס איז מיר פּלוצלונג איינגעפאַלן: טאָמער? טאָמער איז ביחידות קיין וועג נישט, קיין גאַנג נישט... אפשר איז גאָר די וועלט קיין מדבר נישט, דאָס לעבן קיין זאמד נישט?

און דאָס איז טאַקע דער חילוק פון אונזער איינעם ביז אַ מתנגד.

אַ מתנגד האָט קיינמאָל קיין ספקות נישט; אויסגעטראָטענע וועגן!

ער זוכט קיין כונות נישט און בלאָנדזשעט נישט. מען הייסט דאַוונען — דאַוונט ער, אַ פּרק משניות לערנען — לערנט ער..

א מצוה טאָן — טוט ער... דערפאַר אָבער, פאַרבלאָנדזשעט אַמאָל אַ מתנגד, איז עד סוף כל הדורות! בלייבט ער שוין אין מדבר...

אין זאַמד איז דער וועג שווער, שטעלט ער זיך אָפּ, זעצט ער זיך. נעמט ער אַרויס אַ סידור'ל און דאַוונט, אַ ספר און קוקט אַריין... און ער בלייבט שוין אַזוי זיצן. דער ווינט יאָגט אים דאָס זאַמד אין פּנים אַריין, פאַרשטעלט ער זיך מיט'ן ספר, מיט'ן סידור'ל... און דער ווינט טוט זיך זיינס: יאָגט און באַגראָבט אים אין זאַמד...

און מחוץ למחנה, וועט ער אפילו דעם שופר של משיח נישט הערן... און דער מלאך פון תחית המתים וועט אים נישט גיין זוכן אין זאַמד פון מדבר. פאַרגעסן ווערט דער מתנגד...

איך בין אָבער געגאַנגען... און וואָס מער און געשווינדער איך בין געגאַנגען, קלאָרער איז מיר געוואָרן, אַז איך בלאָנדזשע, אַז נישט דאָ איז מיין אָרט, אַז מען מוז אַרויס פון זאַמד. מיט געשוואָלענע פיס בין איך געלאָפן... אַלץ ווייטער, אַלץ ווייטער... און דער הימל האָט אָנגעהויבן צו קוקן אויף מיר מיט רחמים... הבא לטהר... און פון צו צייט האָט זיך אויף מיר אַ שטערנדל מרחם געווען, ממש מוסר נפש געווען און האָט זיך אַליין אַראָפּ־געוואָרפן פון דער הויך, און אַראָפּפאַלנדיג, צעפלאַקערט זיך, אום צו ווייזן מיר דעם וועג פון מדבר אַרויס...

עס איז אָבער נישט אַזוי געשווינד, ווי עס רעדט זיך...

און נישט שטענדיג לאָזט זיך קוקן אין הימל אַריין... אָפט איז דער הימל פאַרשטעלט, פאַרשלאָסן, און עס בלייבט דיר נאָר זאַמד און זאַמד און אין מוח—זאַמדיגע געדאַנקען...

און מיט דער צייט פליען די אַלטע מחשבות, די מחשבות פון ישוב, דיר פון קאָפּ אַרויס, ווי די ווייסע טויבן פון אַ טויבנ־שלאַק.. און דו האָסט זיי נישט מיט וואָס צוריק צו פירן, און דו האָסט קיין קול נישט, זיי צוריק צו בעטן, צוריק צו רופן. און עס בלייבן נאָר די מדבר־מחשבות, מחשבות פון זאַמד און פון אַלעם, וואָס האָט אַ שייכות מיט זאַמד!

משוגע צו ווערן! אַז אַ מענטש ווייסט נישט מער, ווי „ברויט

און ברויט!" איז עס אַ שגעון, בפרט—זאַמד און זאַמד.

איך טראַכט, למשל:

— עס האָט געמוזט דאָ ערגעץ זיין אַ ים; ווייל זאַמד איז נאָר באַשאַפן געוואָרן צו זיין אַ גרעניץ ביים ים...

— זאַמד איז קיילעכדיג, ווי דאָס איז פאַר'ן אָבל; עס קייקעלט זיך, ווי דאָס מזל פון אַ בשר־ודם!

— און אידן זיינען געגליכנט צו זאַמד... דאַרע, טרוקענע, צעוואָרפענע קערנדלעך, איינס צום אַנדערן האָט נישט מיט וואָס און קען זיך נישט באַהעפטן...

— און מיר וואָלטן געווען אַזוי פיל, ווי אין מדבר דאָס זאַמד, ווען נישט גזירות, הריגות און שמדות...

— און וואָס איז דען זאַמד? חוקרים זאָגן: אַמאָל איז געווען אַ פעלזן ביים ים, האָט אים דער ים אונטערגעוואַשן, אומגעוואָרפן, אין זינדיגן קעסל־גרוב אַריין באַקומען, און צעריבן, צעמאָרשטן, און געמאַכט פון אים זאַמד. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַזוי האָט ער נאָך לאַנג גערעדט וועגן זאַמד, און וועגן ענין פון בלאָנדזשען אין זאַמד, ביז ער איז געקומען צום גוף המעשה.

.4

# אַ מחנה פון פייגל, און וואָס דער מלך פון די פייגל האָט דערציילט

נאָענט צו דער צייט, ווען עס איז מיר באַשערט געווען, אויסגעלייזט צו ווערן פון טעות, האָב איך פּלוצלינג אַ מחנה פון פייגל דערזען.

און די מחנה איז געווען בצורת משולש, אַ דרייעק אויף גאַנצע מיילן, וואָס האָט זיך גערוקט פאַר מיר אין דער מדבר.

פון הינטן אַ ברייטע שורה פייגל, מיילן די ברייט. נאָר וואָס ווייטער, ווערן די שורות אַלץ שמעלער און שמעלער, ביז צו איין

פויגל, ביז צום קאָפּ, ביז צום ראש פון דער מחנה, ביז צום מלך פון די פייגל...

געלויבט איז זיין ליבער נאָמען, האָב איך געטראַכט, וואָס איך זע עפּעס נייס, אויסער זאַמד. און באַלד זיינען מיר גאָר אַנדערע מחשבות אין קאָפּ אַריינגעקומען:

פאַרוואָס איז די מחנה דרייעקיג?

און איך האָב באַלד פאַרשטאַנען פאַרוואָס.

על־פּי דין ועל־פּי יושר, דאַרף אַלץ זיין גלייך, אַלע שורות גלייך. די מחנה דאַרף דעריבער זיין אַ מרובע, פיר־עקיג דאַרף זי זיין. זיינען אָבער די, וואָס גייען אין די שורות, נישט גלייך. און דעריבער, וואָס גרעסער עמיץ איז, שמעלער איז זיין שורה, ווייניגער חברים האָט ער; גייען אַלץ מער אונטער אים און—אַלץ ווייניגער פאַר אים... און אַזוי גייט עס ביז צום מלך, וואָס גייט פריער פאַר אַלע, און איז דעריבער אַזוי פיל ווערט ווי אַלע.

הייַנט—הדיוט קופץ בראש! ביי שנים כתיקונן — גייט משה רבינו פאָראויס, הינטער אים — נושאי כלים, הינטער די נושאי כלים — זקנים, דערנאָך — כוהנים, לווים, צום סוף ערשט — ישראלים: די ברייטסטע שורה. און דאָס איז דער סוד פון „שקול משה כנגד כל ישראל"... ער איז געגאַנגען פאָראויס! פאַר אים איז נאָר געווען דער עמוד ענן, צי דער עמוד אש, קיין לעבעדינער מענטש נישט!

דערנאָך וויל איך וויסן, פאַרוואָס פליען נישט די פייגעלעך אונטער'ן הימל אין דער הויך, ווי דער מנהג פון פויגל איז?

און איך האָב „געגעבן דאָס האַרץ", און איך האָב מיך צו־געקוקט, און איך האָב דערזען, — אַז די פייגל האָבן כמעט קיין פליגל נישט, כאָטש זיי זעען אויס ווי פייגל...

מיליאָנען־מיליאָסן פון די לעצטע שורות האָבן קוים צייכן, קוים אַ זכר פון פליגל... די פון די ערשטע שורות האָבן שטיקלעך אויסגעדאַרטע פליגעלעך, קליין און דאַר ווי די פלוים־פעדערן ביי פיש... נאָר די הויכע רירן קוים, קוים מיט די עקן פון די האַרטע פליגעלעך, און ווישן זיך טיילמאָל אָפּ די מיילער בבחינת „אָכלה... ומחתה"... און דער מלך אַליין, וואָלט אויך געמעגט מקנא זיין

די ערגסטע און די פוילסטע גאנז... דעריבער פילט מען נישט!
מען פליט נישט און מען גייט אפילו נישט, נאָר מען היפּט.
און גיין קען מען נישט, ווייל מען האָט פויגל־פּיס—דאָרע קורצע שטעקעלעך, נישט צום אויסבויגן.
און פון וואַנען—קלער איך—ציען זיי חיונה?
און איך קוק מיך צו, און זע, ווי פון צייט צו צייט בויגט, איין שורה נאָך דער צווייטער, איין די קעפּ, וואָרפט א הונגעריקן בליק אויפ׳ן זאמד, גיט א שטאָך מיט׳ן שנאָבל, גראָבט אויס א נשרף— א בלאַט, א פאַרפוילט שטיקל צווייגל, א געוויקסל, וואָס גאָט ווייסט פון וואַנען עס קומט אין זאמד פון מדבר אריין, און וואָרפט עס זיך אין מויל אריין... און שלינגט איין...
דערפון לעבט עס!
און ווייטער וויל איך וויסן, וואוהין די פייגל ציען? צי איז זייער וועג אויך מיין וועג, צי איך דאַרף זיי מיידן, און רעכטס אָדער לינקס? ! אייל איך מיר צו און קום צום שפּיץ פון דעם משולש, צום מלך פון די פייגל.
און מלך בלייבט מלך; יאָ פליגל, נישט פליגל, עס קומט אים זיין כבוד!
איך שטעל מיך אָפּ, מאַך א ברכה, נייג מיך מיט דרך־ארץ, און דערנאָך פרעג איך, וואוהין ער פירט די מחנה?
ענטפערט ער מיר, דער מלך, אז עס איז נאָך א ספק, צי ער שלעפּט די מחנה נאָך זיך, צי די מחנה שטופּט אים פאַר זיך פאָראויס. נאָר גיין גייט מען אויף מלחמה.
— אויף וועמען?
— אויפ׳ן אלטן הויז!
איך קוק מיך אום, און זע נישט אויסער זאמד און זאמד.
דער מלך פון די פייגל האָט זיך געשטויסן, וואָס מיין בליק באַדייט, און ער האָט מיר געזאָגט:
— דו גייסט געשווינדער פאַר אונז, און וועסט עס פריער פאַר אונז דערזען!
— און וואָס ווילט איר, — פרעג איך — פון אלטן הויז?

— אַלטע חשבונות! — ענטפערט דער מלך, — און דערציילט מיר א באָבע־מעשה:

דאָס אַלטע גרויסע הויז, — וואָס דו ווייסט דערזען פריער פאַר אונז, ווייל דו גייסט געשווינדער פאַר אונז, — איז אַמאָל א גרוי־סער פּאַלאַץ געווען, און אין אים האָבן א סך פּריצים און פּריצות געוואוינט...

און די פּריצים מיט די פּריצות האָבן גוט געלעבט. עס האָט זיך געגאָסן ווײַן ווי וואַסער, עס האָבן זיך גאַנצע אָקסן געבראָטן, און ביים וואַלד — ביים פרישן גרינעם וואַלד, וואָס האָט אַמאָל געוואַקסן אַרום הויז — דאָס גאַנצע ווילדפּרעט צוגענומען!

איז זיי נאָך ווייניג געווען. האָבן זיי נאָך געוואָלט מוזיק צו די סעודות, און זיי האָבן די משרתים זייערע אין וואַלד אַריינגע־שיקט, און אַלע זינג־ און שפּיל־פייגעלעך געפאַנגען, און אין שטיי־גען אַריינגעזעצט, זיי זאָלן זינגען די פּריצים מיט די פּריצות צו דער סעודה.

און פאַרשטומט איז געוואָרן דער וואַלד. און פאַר בענקעניש צו זיינע האָזן, הירשן און אַנדערע חיות, און נאָך פאַר גרעסער בענקעניש צו זיינע זינג־ און שפּיל־פייגל פון צווישן צווייגן און בלעטער, — האָט דער וואַלד אָנגעהויבן קרענקען, ער האָט אָנ־געהויבן דאַרן און קוואַרן, ביז ער איז אָפּגעדאַרט געוואָרן און איז מיט דער צייט פאַרשוואונדן געוואָרן אינ׳ם זאַמד, פון וועלכן מיר גראָבן נאָך אַרויס רעשטלעך פון זיינע צווייגלעך און בלע־טער...

די פייגל אין די שטייגן איז עס אויך נישט בעסער צוגעגאַנגען. מען האָט זיי אפילו אויף צוקער געהאַלטן, נאָר אין די ענגע שטייגן האָבן זיי נישט געקענט די פליגל באַנוצן, און די פליגל האָבן ביי זיי אָנגעהויבן דאַרן און צו פאַרשווינדן, ווי די בוימער פון וואַלד — פון זייער היים...

און מיר, — זאָגט דער מלך, — זיינען די אור־אייניקלעך פון יענע פייגל... זע — מיינע פליספעדערן!... און איך בין עס שוין דער מלך... אַנדערע האָבן שוין גאָרנישט! און אַצינד — זאָגט

ער—איז געקומען די צייט, און מיר גייען מלחמה האלטן מיט'ן אלטן הויז...

— וואס ווילט איר מיט'ן טאן?

— חרוב מאכן! מיר ווען די שטארקע מויערן צעהאקן, צעברעקלען אויף שטיינדלעך; די שטיינדלעך צערייבן אויף זאמד, דאס זאמד—אויף שטויב, און דעם שטויב ווען מיר איינשלינגען, אפצונארן דעם לערן מאגן...

— וועט איר דען בייקומען א הויז?

— עס איז אלט דאס הויז, און אינעווייניג ארבעטן אונזערע שותפים — די האליץ־ווערים... בייטאג און ביינאכט ארבעטן זיי... און דאס הויז איז גארנישט שטארק, ווי עס וועט אויסווייזן פון דרויסן... צינד אודאי נישט... און לאז עס זיין ווי שטארק, זאל זיין א פעלזן ביים ים, זיינען מיר דאך א ים פייגל און ווען אים צעמארשטן!

— און אין הויז וואוינט עמיץ?

— די אלטע שררות אייניקלעך... רעשטלעך...

— און מיט זיי, וואס וועט איר טאן?

— דאסזעלבע, ווי מיט די מויערן — צעשטויבן און איינשלינגען. זייער שטויב וועט אונז אפשר בעסער שמעקן, און אפשר נישט... נאר נוקם זיין מוז מען זיך!

און נקמה, — זאגט ר' נחמנ'קע, — האב איך פיינט, נקמה שרעקט מיך... און איך האב אויפגעהויבן די פיס און בין נעגאנגען ווייטער...

.5

## אין אלטן הויז

נישט לאנג בין איך אפגעגאנגען, און האב דאס אלטע הויז דערזען. א גרויס הויז, אויף א בארג... שטיינערנע מויערן, אייזערנע דעכער... נאר אויף אלעם ליגט שוין א מרה־שחורה, ווי צום איינפאלן... דער בארג איז א זאמדיגער, די מויערן קריש־

לען זיך, פאַרזשאַווערט איז דאָס אייזן... און די, וואָס וואוי־
נען אינעווייניג, זעען עס נישט!

און איך קריג רחמנות אויף די, וואָס פאַרלאָזן זיך אויף שטיין
און אייזן און ווייסן נישט פון האַלץ־ווערים, וואָס אַרבעטן אי־
נעווייניג, און פון מחנות פייגל, וואָס קומען פון דרויסן... און
איך אייל מיך צו צום אַלטן הויז, איך וויל זיי וואָרענען.

און איך גיי צו נעענטער. און קום פראַנק און פריי אין אַלטן
הויז אַריין. טיר און טויער זיינען אָפן געשטאַנען.

און איך גיי פון שטוב צו שטוב, און איך זוך אַ לעבעדיגן
מענטש און זע נישט; און איך בענק צו אַ מענטשלעך קול און
הער עס נישט.

און פון שטוב צו שטוב גיי איך. און איין שטוב איז רייכער
פאַר דער צווייטער.

די ווענט זיינען מיט פּאָרטרעטן פאַרהאַנגען, מיט אַלטע פּאָרט־
רעטן, טייל פון פאַר'ן מבול, אַנדערע — פון פאַר'ן דור הפלגה...
נאָר די ראַמען האָבן שוין די האָלץ־ווערים געלעכערט, ווי די
זיפּן; פאַרגעלט און פאַרפלעקט זיינען די פּאָרטרעטן; עס איז
שוין קיינעם נישט צו דערקענען.

און זיידענע פאָרהאַנגען און גאָלדענע פּאַסן הענגען אויף די
פענצטער און זיינען אויך צעביסן און צעריסן, און עס הענגען
פון זיי צויטן אַראָפּ...

און אויף צעפּרעסן מעבל ליגן אוצרות: כלים פון גאָלד און
זילבער און טייערע זאַכן — נאָר פאַר'יתומ'ט און פאַרלאָזט זעען
זיי אוים; פאַרוואָרלעסיגט, אָן אַ האַנט, וואָס זאָל זיי גלעטן, אָן
אַן אויג, וואָס זאָל פון זיי שעפּן נחת...

און אויף די פּאָדלאָגעס זיינען טייערע דיוואַנעס אויסגע־
שפּרייט; דיוואַנעס מיט הויכע, זילבערנע און גאָלדענע האָר...
און שלינגען איין די טריט פון אונטער די פיס. זיי שטויבן אָבער,
און אויף טייל ערטער זיינען זיי אויסגעקראָכן, — גאָל, ווי אַ קאָפּ
פון אַן אַלטן בעל־תאווה...

און עס איז מיר שרעקלעך און באַנג געוואָרן אויף דער נשמה,

און איך האָב געטראַכט: נישטאָ וועמען מציל צו זיין; דאָ איז אַלץ אויסגעשטאָרבן... א חורבה! פּלוצלונג אָבער האָב איך דערהערט קולות פון מענטשן...

און איך האָב מיך דערפרייט און בין נאָכגעגאַנגען די קולות, און בין אין א לעצט ווינקל־צימער געקומען...

.6

## אין ווינקל צימער

און דאָס ווינקל־צימער איז גרוים געווען ווי א פעלד, און האָט דריי גרויסע פענצטער געהאַט...

איין פענצטער—רעכטס; איין פענצטער—לינקס; און א דריטס אינדערמיט — פאַר זיך.

נאָר פון די אַלע דריי פענצטער האָט די גרויסע ווינקל־שטוב, ביים שענסטן העלן טאָג, קיין איינציגן שטראַל נישט באַקומען.

דאָס פענצטער לינקס, ווי דאָס מיטעלע פענצטער פאַר זיך, זיינען פאַרמויערט געווען. פריי איז געווען נאָר דאָס איינציגע פענצטער רעכטס, פאַר דאָס אָבער—מיט א שווער פּרוכת פאַר־האַנגען, א דיק סאַמעטן פּרוכת, מיט א שווער גאָלדענעם שלאַק פון אונטן...

נאָר פון באַלקן אַראָפּ האָט א קליין רויט לעמפּל געהאַנגען, און האָט געוואָרפן קאַרגע רויטע שטראַלן איבער׳ן טיש, וואָס איז אינמיט שטוב געשטאַנען.

און אַלטע כתבים, אַלטע פּאַרמעטענע כתבים, מיט אַלטע רויטע וואַקסענע חתימות, מאָדנע גרויסע, וואונדערלעך בול׳טע... זיינען געלעגן אַרום טיש.

און ביי די כתבים אַרום טיש זיינען מענטשן געשטאַנען, יעדערער פאַר זיין אַלטן פּאַרמעטענעם כתב מיט דער רויטער וואַקסענער חתימה — זיי זיינען געשטאַנען און וועגן עפּעס באַראָטן...

און איך בין שטיין געבליבן מיט דרך־ארץ אויף דער שוועל, און האָב געוואַרט, מען זאָל מיך באַמערקן און צורופן, און פרעגן, נאָך וואָס איך בין געקומען, איך זאָל זיי דערציילן פון דער מחנה

פייגל, און וואָרענען זיי פאַר דער סכנה... קיינער האָט מיך אָבער נישט געּרופֿן.

קיינער האָט מיך נישט באַמערקט; אַזוי פאַרטיפט זיינען זיי געווען אין די רייד. נישט ווילנדיג האָב איך דעריבער אויסגע־הערט זייער וויכוח. פון וויכוח, אָבער וואָס איך האָב, נישט ווילנ־דיג, אויסגעהערט, איז קלאָר געוואָרן, אַז איך האָב פאַר זיי קיין נייעס נישט, קיין בשורה נישט; אַז זיי וויסן אַלץ אַליין, און באַ־ראָטן טאַקע וועגן דער געפאַר...

און איינער זאָגט: אַז מען מוז אַרויספאַלן און מלחמה־האַל־טען מיט די פייגל... מען דאַרף צונויפרופן די משרתים און באַ־וואָפענען זיי...

עס ווייזט זיך אָבער אויס, אַז די איינוואוינער פון הויז זיינען צו ווייניג און דערביי צו דיק, מלחמה צו האַלטן, און די משרתים זיינען שוין לאַנג אַנטלאָפן, ווי די מייז פון א שיף, וואָס האַלט אין אונטערגיין.

און א צווייטער ראָט: מען זאָל פאַרמאַכן, פאַררינגלען און פאַרשליסן טיר און טויער. און לאָזן זיך, ווען אפילו יאָרן־לאַנג, באַלאַגערן. נאָר דאָס ווייזט זיך אויך נאַריש אויס. אַלטע שלע־סער! מיט דער צייט זיינען זיי פאַרזשאַווערט געוואָרן און לאָזן זיך נישט איבערדרייען, אַלטע ריגלען — און לאָזן זיך נישט רוקן פון אָרט אויף א האָר!

זאָגט אן אַנדערער: איז פאַרפאַלן! מוז מען אַראָפּלאָזן די קעפּ, אויפנעמען די פייגל, ווי ליבע טייערע געסט, ביז זיי וועלן אַריבערגיין...

נאָר, ווער ווייסט, צי זיי וועלן אַמאָל אַריבערגיין? וואוהין? און מען האָט זיי נישט מיט וואָס אויפצונעמען... ווייין און עסנ־וואַרג פאַר אַלע איז קיינמאָל נישט געווען!

פאַלט עמיץ נאָך אויף אן עצה:

— לאָמיר זיך, — זאָגט ער, — אויך פאַר א פויגל פאַרשטעלן, און אַרויסגיין אין מדבר אַריין, און באַהעפטן זיך צו דער מחנה, און מיר וועלן אויך פּיקן אין זאַמד, עסן אַלט גראָז און שילטן

און גיין אויפ׳ן אלטן הויז עס איינצונעמען... אבי לעבן צו בלייבן!...

דאס איז אבער נאך נארישער געווען, ביי דעם גאנצן עגמת־נפש, האבן זיי נאך צופיל פלייש אויף זיך געהאט, און דערביי — קיין זכר פון פליגל...

וואו נעמט מען פליגל?

און אלע זיינען טרויעריג און שטיל געווארן. און איך האב דערווייל אויף א זייט אן אויג געווארפן, און איך האב דערזען אן אלטן, גרייז־גרויען מאן, וואס איז געזעסן אפגעזונדערט פון ווייטן און שווייגנדיג אויסגעהערט, וואס אנדערע זאגן.

עס איז א וואונדערלעכער אלטער מאן געווען... ממש א וואלקן איז אים געלעגן אויפ׳ן צעאקערטן שטערן און דערביי האבן די אלטע אויגן ווי שטאל געגלאנצט, און ארום די ליפן האט עפעס א מין ביטערער שמייכל געשוועבט.

און איך טראכט מיר: ער איז זיכער דער קליגסטער פאר אלע. — פארוואס שווייגט ער? צי איז באמת שוין קיין עצה און קיין ראט נישט פאראן?

און ווי מיט א תשובה אויף מיין שטילער שאלה, רופט זיך פלוצים אן א יונגערמאן, דאכט זיך — דער אינגסטער פאר אלע און זאגט:

— מען קען האבן פליגל! מיט דער צייט קענען אלע האבן פליגל!

— ווי אזוי? ווי אזוי? — פרעגט מען פון אלע זייטן.

— נעמט, — זאגט ער, — די אלטע כתבים און פארברענט... פארברענט זיי, די אלטע פארמעטענע כתבים, מיט די רויטע, וואקסענע חתימות, און רייסט אויף די פענצטער, און לאזט ארויס־פליען זייער אש, און לאזט עס פארשטויבן זיך אויף אלע פיר עקן פון דער וועלט...

און דער אינגסטער פון זיי איז א מקובל געווען, און ער האט געוואוסט, אז פארברענען אלטע כתבים איז א רפואה בדוקה און א טייערע סגולה, עס זאלן ארויסשפראצן פליגל, אויב מען האט זיי נאר אין תוך, אינעווייניג!

און דער יונגערמאַן זאָגט און טוט וואָס ער זאָגט, ער שפּרינגט אַרויף אויפ׳ן טיש, דערגרייכט מיט די כתבים צו דער רויטער פּלאַם פון דעם לעמפּל... עס הויבט זיך שוין אַ דינער רויך...

און אַנדערע, זע איך, שפּרינגען אים נאָך, מיט די כתבים אין די ציטערדיגע הענט, אויפ׳ן טיש אַרויף, און ווילן אויך דער־גרייכן צו דער פּלאַם; צו דער פּלאַם, וואָס זאָל זיי רייניגן פון איבעריגן פלייש און שפּראָצן מאַכן פליגל... און נאָך אַנדערע, וואָס האָבן שוין אויפ׳ן טיש קיין פּלאַץ נישט געהאַט, לויפן צו צו די דריי פענצטער, און ווילן זיי אויפרייסן — — —

נאָר אין דער זעלבער רגע איז אויפגעשפּרונגען דער אַלטער, ווי אַ לייב, און ער האָט אַ בריל געטאָן:

— פעלשער, מערדער, אונטערצינדער!...

און ער האָט זיך אויסגעגלייכט, ווי אַן אייזערנע ***. און האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די נעגל געגן לעמפּל, און מיט איין בלאָז האָט ער עס פאַרלאָשן...

און אין ווינקל־שטוב איז פינצטער געוואָרן...

.7

## אָן אַ סוף

— און דער סוף פון דער מעשה? בעטן מיר זיך, אַז ר׳ נחמנ׳קע איז שטיל געבליבן.

— עס איז נאָך קיין סוף נישט פאַראַן — האָט ר׳ נחמנ׳קע געענטפערט. — פייגל מיט פליגל ווי פלוספעדערן, מיט צייכן פון פליגל, און דאַרע שטעקעלעך במקום פאַר פיס, דערגרייכן נישט אַזוי געשווינד צום אַלטן הויז.

---

# יוחנן מלמד׳ס מעשה׳לעך

## א.

## ווער עס גיט לעבן, גיט פונוואַנען צו לעבן

.1

א הקדמה. איך בין אייך מוסר מודעה און בין מיך מתנצל, מיין דעה, אַז עס איז קיין כפירה נישט פאַראַנען.

רבותי! איך, יוחנן מלמד, וויל אייך דערציילן א „מעשה”.

און די „מעשה”, וואָס איך וויל אייך דערציילן, וועט זיין ווי א רעדל אין א ראָד,—אַ מעשה בתוך מעשה.

אוןביידע „מעשיות” טראַכט איך מיר נישט אויס פון קאָפּ, זויג נישט, ווי דער עולם זאָגט, פון פינגער ארויס; איך בין, ברוך השם, קיין שרייבערל נישט, מיינע אבות אבותינו זיינען קיין שרייבער נישט געווען.

און דערציילן וועל איך אייך פשוט׳ע דיבורים, אָן זאַלץ און אָן שמאַלץ; מליצות האָב איך פיינט... ווער עס זאָגט אמת, דער דאַרף קיין מליצות נישט... דער רעדט פראָסט מאַמע־לשון...

נאָך איין הקדמה מוז איך אייך געבן: איך האַלט פאַר מעג־לעך, אַז די מעשיות, וואָס איך וויל אייך דערציילן, וועלן אייך אויסווייזן באַשיינפּערלעך, אַז אין א סך זאַכן זייט איר רבותים, צו ווייט פאַרקראָכן; אַז איר האָט אייך צופיל פאַרלאָזט אויף אייערע חושים; אַז אויף דער וועלט זיינען פאַראַנען אַזעלכע זאַכען, וואָס האָבן זיך נישט גע׳חלומ׳ט, נישט אייך, נישט די גרעסטע חכמים אייערע... בעט איך אייך טאַקע, איר זאָלט קיין פאַראיבל נישט האָבן.

ווילט איר—גלויבט, נישט—נישט!

אגב, ווייל איך מיר פארענטפערן פאר אנשי שלומנו.

אנשי שלומנו קען פארדריסן, וואס איך זאג מכלומר'שט אויס פון חדר, בפרט היינטיגע צייטן מיט אזוי פיל כופרים... און דורך זיי קען אפשר ארויסקומען א תקלה, חס־ושלום!... האב איך טאקע פאר אנשי שלומנו א בשורה טובה! איך וויל זיי אנזאגן, אז עס איז גאר קיין כפירה, חס־ושלום, נישט פאראנען; עס איז אינגאנצן אן אויסגעטראכטע מעשה!

— די גאנצע וועלט איז סאמע אמונה!

און קען דען אנדערש זיין?

די וועלט איז גרויס אן א שיעור. טאקע אין־סוף! און אונזער מוח איז אזוי קליין, אזוי פיצל, אז מיר זעען אויס, ווי א מענטש, וואס גייט ארום אין א פינצטערער נאכט, אין א וויסטער, פינצטערער מדבר, מיט א גראשנדיג ליכטל אין דער האנט, וואס לייכט קוים ד' על ד'!

איך האלט מיך ביי מיינעם. אן אמונה איז נישט מעגלעך! מיט'ן שכל אליין קען מען נישט אויסקומען. אלא וואס? די זעלבע פוסטע שרייבערלעך, וואס מאכן די ביכלעך פאר'ן המון־עם, פאר די קעכינס און דינסט־מוידן, וואס טראכטן אויס מעשיות פון גזלנים און רוצחים, פון פאלשע וועקסל און פאלשע געלט־מאכער, — אבי איבערצושרעקן דעם עולם, דאס בלוט זאל אויפקאכן...

אט — די אייגענע שרייבערלעך האבן אויסגעטראכט די כפירה, דאס אפיקורסות! און אויך מהאי טעמא, איבערצושרעקן דעם המון — די דינסט־מוידן מיט'ן שוסטער, מיט די שניידער־יונגן...

דער אמת איז, אן אמונה, אן רצון! אויף פראסטע אידיש הייסט עס, — א מענטש, וואס גלויבט נישט, וויל גארנישט, גלויבט צו גארנישט!

אזא מענטש איז נישט מער, ווי א שטיק ליים, א גולם!

און, אויב דו זעסט, אז מענטשן האבן תאוות, אבער זיי ברעכען די תאוות צוליב גרעסערע, אדער העכערע תאוות, אז מענטשן, על כל פנים, עסן און טרינקען, האבן שלום־בית, ארבעטן מיי־

שוויס, דער מוח איז פארטאָן אין מסחרים,—זאָלסטו וויסן, אז זיי גלויבן! אז זיי גלויבן לכל־הפחות אין זייער אייגן לעבן!...

וואָרן מסופק זיין קען מען אין דעם אויך! אז מען וויל, זאָגט מען—גאָרנישט! און טו עפעס!

דער כלל איז: אלע גלויבן! נאָר וואָס דען? איינער גלויבט, אז דער לויתן גייט פאַר'ן שור הבר; און דער אַנדערער זאָגט: ניין! דער שור הבר איז פריער, און דער לויתן קומט דערנאָך, אלס צוביס. און א יונגערמאַן א משכיל, וואָס גלויבט נישט, נישט אין שור הבר, נישט אין לויתן, גלויבט אין עטער! און וואָס איז אַזוינס דער עטער? האָט מיר זייערס א מענטש פאַר־טייטשט, אַז עטער איז אַזוינס, וואָס איז נישט קיין גוף, נישט כוח בגוף; נישט קיין נשמה, נישט קיין רוחניות גאָר... און ער פאַרנעמט גאָרנישט קיין אָרט, און האָט נישט קיין משקל... מיט איין וואָרט: א „יאָ" און א „ניין" צוזאַמען!

פרעג איך אים, צי ער האָט געזען דעם עטער?

— ניין,—זאָגט ער,—נאָר ער גלויבט! הכלל—מען גלויבט. וואָס דען איז דער חילוק?

נישט מער, נאָר וואָס יעדערער האָט זיך זיין רבי'ן, זיין אמונה, במעט—זיין עבודה־זרה'לע!

אלע קוקן פרעמדע אין מיילער אריין! אלע קושן, נאָר איי־נער קושט דאָס פּרוכת, כאָטש ער ווייסט נישט, וואָס אין אָרון שטייט; און א צווייטער—דעם „מגלה טמירין", אז ער פאַלט אים אַראָפּ פון טיש!

און בעיני ראיתי — געזען האָב איך מיט מיינע אויגן, ווי איינער פון זייערע לייט האָט א קוש געטאָן דעם „מסתרי פאַריז"! און, לויט איך האָב געהערט פון א זיכערן מענטש, איז דער „מסתרי פאַריז" א „מעשה נורא" פון עפעס א „חרבונה",—נישט אונזער חרבונה, דער „זכור לטוב" פון דער מגילה—נאָר עפעס א האָליץ־העקער, פון פאַריז, וואָס איז ארומגעגאַנגען מיט באָרוועסע פיס אויף שטיקער גלאָז; און נאָך אַזעלכע שקרים, וואָס א פאַרי־זער שקרן האָט אויסגעטראַכט, און א ווילנער משכיל האָט איבער־געשריבן אויף לשון־קודש!

רבותי! איך האָב, ברוך השם, אָפּגעלעבט א שטיק וועלט. בינען בין איך געווען מלמד אין דערפער און אין שטעטלעך, און אין גרויסע שטעט! שוין א יאָר זיבן בין איך, ברוך השם, מלמד אין װאַרשע, און קום, געלויבט דער אויבערשטער, צווישן מענטשן, און קען מענטשן...

איך קען מתנגדים, וואָס שפּרינגען אויס דער הויט פאַר א „ויצמח פורקניה”; חסידים, וואָס האַלטן די, וואָס פאָרן צו אַנ־דערע רביים, פאַר כופרים בעיקר, חס ושלום!

אויך קען איך משכילים, א סך משכילים: גרעסערע און קלע־נערע, קענער און אַזוי שרייבערלעך, און אפילו א סך, א סך מופקרים!

דאָס אַלץ קען איך! נאָר קיין כופר, דאָס האָב איך נאָך ביז'ן היינטיגן טאָג נישט געזען!

איך האָב אפילו די העזה צו זאָגן, אַז צווישן דעם גאַנצן עולם משכילים איז נישטאָ איינער, וואָס זאָל האָבן זיין אייגענעם שניט! וואָס זאָל האָבן זיין אייגענע שיטה, זיין אייגענעם דרך. איך האָב אפילו צווישן גאַנצן עולם משכילים נישט געזען קיין מענטשן, וואָס זאָל קוקן אויף עפּעס מיט אייגענע אויגן... אויסער, אפשר, צוויי־דריי גדולים — קאַרפּן־קעפּ... די רעשט, — ווי איר קוקט זיי אָן — די גאַנצע חברה משכילים, זיינען נישט ווערט, זאָג איך אייך, קיין אויסגעבלאָזן איי! זיי זיינען אויך חסידים, נאָר אַנ־דערע חסידים! זיי גלויבן אין זייער רבי'ן! און זיי הענגען אין זייער גדול הדור, פּונקט ווי מיר אָן אונזער גדול הדור!

איך קען שווערן בנקיטת חפץ, אַז קיינער פון זיי האָט גאָר קיין שיטה נישט, אפילו נישט אויף חיי שעה! נאָר אַלץ אמונה אינ'ם גדול. און זיי טוען אים נאָך, און ווייסן אפילו קיין חילוק נישט צווישן דעם, וואָס דער גדול האָט געזאָגט מיט ישוב הדעת, מיט א קלאָרן שכל, מיט אָן ערנסט, און וואָס ער האָט געזאָגט אין פּלוג, צי אין כעס, צי גאָר לשם נצחון!

פּונקט ווי אנשי שלומנו, עס פעלט נאָך נישט א האָר!

און קומט צו מיר איינער פון דער חברה, און זאָגט מיר, אַז

ער איז כופר, — עס איז דאָך נאַריש, איך וועל דאָך אים נישט מבייש זיין, — נאָר ווייסן ווייס איך, אַז ער מאַכט חוזק, אָדער גלאַט ער מאַכט זיך גרוים! אַז דוקא אַזוינער — האָט מורא ביי־נאַכט אַרויסצוגיין איינער אַליין! און אפשר מוז ער אַזוי זאָגן, די פרנסה וויל אַזוי! און, וואָס טוט אַלץ נישט אַ מענטש צוליב פרנסה!... עס קען אויך זיין אַ מענטש,—אַ נאַר, סתם אַ שוטה; אַזוינער, וואָס ווייסט ניש, וואָס ער ווייסט נישט, אין וואָס מען מוז גלויבן!...

און אויב אַזוי, וואָס זאָלן מיר זיך שעמען מיט דעם, אין וואָס מיר גלויבן?

מיט וואָס זיינען אַנשי שלומנו ערגער פאַר דער חברה משכילים, וואָס טוען נישט מער, נאָר דערציילן און דערציילן באָבע־מעשיות און שבחים פון זייערע גדולים? באשר בכן — אונזערע מעשיות זיינען נישט קיין אויסגעטראַכטע! באשר בכן— מיר שרעקן נישט דעם עולם מיט גזלנים, רוצחים, פאַלשע געלט און פאַלשע וועקסל־מאַכער! דוקא מוז מען שרייבן, וואָס עס איז נישט געשטויגן, נישט געפלויגן?

און בפרט, אַז איך וויל נישט דערציילן קיין מעשה מעבר לים, און נישט קיין מעשה פון קדמונים, נאָר אַ זאַך, וואָס האָט זיך געטראָפן דאָ, אין אונזער וואַרשע, און דוקא ערשט נישט לאַנג!

איי וואָס? עס וועט קומען איינער און זאָגן לאו־כי! שקר די זאַך!

אדרבה, זאָל ער קומען, זאָל ער די העזה האָבן! איך, ברוך השם, — בין אַ פּראָסטער מלמד, נישט קיין שרייבערל, חס ושלום, און מיין מלאכה איז נישט קיין ליגנט, און מיין פרנסה איז נישט פון ליגנט!

הכלל,—די מעשה איז אמת — אפשר וועט אימיצער קומען און געבן אַן אַנדערן פירוש? וועלן מיר הערן!

און ביז אַהער איז די הקדמה, צינד גייט די מעשה גופא!

.2

דעם שווייגער'ס, זכרונו־לברכה, א גלייכווערטל; די מעלות פון מיין אחי, עליו־השלום; א התחלה־טובה.

מען דערציילט פון שווייגער, עליו־השלום, אז איין מאָל האָט מען אים געפרעגט, פאַרוואָס ער זאָגט נישט קיין תורה ווי אַלע צדיקים? האָט ער,—ווי זיין שטייגער איז געווען,—געשוויגן.

אין א שעת רצון אָבער, אז מען איז צו אים צוגעשטאַנען, שטאַרק מפציר געווען, האָט ער מיט זיין שמייכעלע אזוי געזאָגט:

— די וועלט—זאָגט ער—וואונדערט זיך אויף מיר, פאַרוואָס איך זאָג נישט קיין תורה; און איך וואונדער מיך אויף זיי, ווי קענען זיי גאָר זאָגן תורה? ווי קען מען עס אָנהויבן און אויסלאָזן א תורה, אז די תורה האָט נישט, נישט קיין התחלה, נישט קיין סוף, אז זי איז אין־סוף!

אלא מאַי? דער ענין דערפון איז אזוי: די וואָס הויבן נישט אָן צו קענען די תורה, און זאָגן, וואָס עס קומט זיי אין מויל אריין, הויבן אָן, ווען און וואו זיי ווילן, און ענדיגן וואו און ווען זיי ווילן! וואָרן די תורה, וואָס זיי ווילן, איז נישט דער אין־סוף; נישט דעם רבונו־של־עולמ'ס תורה! נאָר זייער אייגענע, אויסגעטראַכטע תורה!.. אזוינער אָבער, וואָס קען די תורה, זאָגט נישט קיין תורה, וואָרן ער ווייסט נישט, וואו אָנצוהויבן און וואו אויסצולאָזן!

און לאָמיר זען אין וועלט־זאכן, למשל: ביי א דין־תורה. מען רופט אָן עדות. אן ערלעכער מאַן, וואָס וויל נישט און קען נישט זאָגן קיין ליגן, אז ער שטעלט זיך פאַר'ן בית־דין, הויבט ער אָן פון ששת ימי בראשית, און קען גאָרנישט צוקומען צו דער זאך; בפרט, צום סוף המעשה... אָבער דער, וואָס זאָגט אויסן קאָפּ ארויס, דער איז זיך אַלץ מסדר, דער רעדט ווי א מענטש, דער ווייסט אָן אָנהויב און ווייסט א סוף... און די מעשה אַליין גיסט זיך ווי א בוימל!

הוא הדין ביי א מעשה: א שרייבערל, וואָס נאָגט אויס, ווי

מען זעט, פון פינגער, קען אָנהויבן און ענדיגן א מעשה, ווי ער וויל, ווען ער וויל... עס איז זיין אייגענע זאך, טוט ער מיט איר ווי ער וויל! וויל ער, מאַכט ער זי גרוים, וויל ער, מאַכט ער זי קליין... איך אָבער, וואָס וויל דערציילן דברים כהויתן, — אן אמת'ע מעשה, ווייס איך טאקע נישט, פון וואנען אָנצוהויבן און וואו זיך אָפּצושטעלן! „אין כל חדש תחת השמש”—יעדע זאך הענגט אָפּ פון א פריערדיגער זאך, און די פריערדיגע זאך אין א נאָך פריערדיגער, און יענע ווייטער איז אויך נישט צו פארשטיין, אז מען ווייסט נישט, וואָס גאָר פריער איז געווען, און אזוי קומט מען צו ששת ימי בראשית.

נאָר לכבוד אָחי אהובי זיינוויל־יחיאל, עליו השלום, וועל איך אָנהויבן ביי אים...

עס איז ידוע לכל — די גאנצע פראנצישקאנער גאס ווייסט, אז מיין ברודער, זכרונו־לברכה, איז געווען א למדן מופלג און אן אמת'ער ירא שמים.

אן אלמן איז ער געווען, און אויף דער עלטער איז ער גע־בליבן איינער אליין מיט דער טאָכטער, ברכה לאה, א בתולה, להבדיל בין החיים והמתים! געלעבט האָט ער אין דחקות, קנעלן האָט ער שוין כוח נישט געהאט, איז ער טאקע, נישט פאר אייך געדאכט, נישט פאר קיין שום איד געדאכט, געבליבן אָן ברויט; און די בתולה, ברכה לאה, וואקסט, קיין עין־הרע, אויף הייוון... הכלל—צרות צרורות!

וואָס טוט דער רבונו של עולם? קומען זיך צוזאמען עט־לעכע באלעבאטים, טאקע אנשים חשובים, פיינע באלעבאטים, וואָס האָבן ביי אים קינדער געהאלטן, און נעמען אויף זיך חתונה צו מאכן ברכה לאה'ן, און צו געבן מיין ברודער, עליו השלום, אויף הוצאות, ער זאָל זיך אוועקפארן קיין ארץ־ישראל.

הגם די נסיעה איז נישט געקומען לידי גמר, ווייל עס האָט'ן, לא עליכם, אנגעכאפּט דער פעלער, און ער איז, לא עליכם, נפטר געוואָרן אויפ'ן וועג, האָט ער דאָך זוכה געווען צו זען צפת, וואו ער איז נסתלק געוואָרן, און איז דאָרט געקומען בכבוד גדול צו קבר־ישראל.

דער צפת׳ער רב האָט געהאַלטן אַ שאַרפן הספד און האָט׳ן, אָפּגעדרוקט, דעם הספד, אין ספר „מרגליות טובות", וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, און ווער עס קוקט אַריין, לעקט די פינגער.

און, אַז איך האָב שוין אַ התחלה, וועט שוין גיין די מעשה גופא...

.3

די מעשה גופא! נישט געטראָפן, צרות צרורות, ברכה לאה ווערט אַן עגונה.

גדולה צדקה, צדקה איז אַ גרויסע זאַך! אָבער נאָר פאַר די, וואָס גיבן צדקה. נישט מקנא בין איך אָבער דעם, וואָס נעמט צדקה, וואָס מוז, נעבעך, אָנקומען צום גבאי של צדקה...

און מקנא בין איך מיין ברודער, עליו השלום, וואָס איז נפטר געוואָרן צו דער רעכטער צייט, און האָט די שפּעטערדיגע צרות נישט געזען!

וואָרן די באַלעבאַטים, וואָס האָבן געגעבן אויף הכנסת־כלה, האָבן גאָר פאַרגעסן, אַז ברכה־לאה איז אַ בת תלמיד־חכם, און אַ כשר׳ע פרומע נשמה... און מען האָט פאַר איר נישט געזוכט קיין חתן לפי כבודה, ועל אחת כמה וכמה נאָכ׳ן פאָטער׳ס כבוד...

זייער גאַנצער מיין איז געוועזן, צו געבן איר אַ מאַן, אַ ברויט־געבער; איינמאָל פאַר אַלע מאָל, אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך דעם עול!...

האָבן זיי טאַקע געטאָן אָן ישוב־הדעת, אבי גע׳פטר׳ט.

און מען האָט באַקומען אַ בחור׳ל בזול, אַן איינגייער ביי אַד־וואָקאַטן!

קיין גרויסע זאַכן האָט ער נישט פאַרלאַנגט; מפרנס זיין אַ ווייב קען ער,—האָט מען צוגעקלאַפּט.

האָט מען געמאַכט מלבושים, איינגעלייגט נדן, גערופן כלי־זמרים, געשטעלט אַ חופּה,—

מזל־טוב, מזל־טוב!

מיר, דעם אמת זאָגנדיג, איז דער בחור נישט געפעלן, מיין פייגע, זאָל געזונט זיין, האָט אויך געזאָגט, אז גאָר פון די אנטיקן איז ער נישט. נאָר, אז אחי, עליו השלום, האָט גאָרנישט געזאָגט, האָבן מיר אודאי געשוויגן.

און דאָס שווייגן איז קיין חכמה נישט געווען!

קוים איז אחי, זכרונו־לברכה, אָפּגעפאָרן, האָט זיך אָנגעהויבן אַן עסק! עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז עס איז נישט ווי עס דאַרף צו זיין!

מן־הצד בין איך געוואָר געוואָרן, אז דער שלום־בית ביים זיווג, איז א ביסל הינקעדיג: מען קריגט זיך, מען מאכט א ביסל קולות, שכנים קלאַפּן אין די ווענט!

אויך האָב איך געהערט, אז ברכה־לאה וויל נישט לײדן וואָס בעלה, משה ישראל, איז נישט קפּריסינדיק־פרום!

און ער ווייטער מאכט איר אַ מורא, אז ער וועט זיך נאָך אָנ־טאָן דייטש, און וועט ווערן אַליין אן אדוואָקאט!

אויך טענה'ט משה ישראל, אז די באַלעבאַטים האָבן אים אריינגענארט אין זאק, מען האָט אים געוויזן אן אנדערע, א שע־נערע כלה; אויף דער וואָלט ער נישט באַשטאַנען! און אירע מלבושים געפעלן אים אויך נישט, צוזאַמענגעקליבן,—זאָגט ער,— אַלטע לאַכעס...

מען האָט אים צוגעזאָגט, — זאָגט ער, — קעסט, און מען ווייזט אים א פייג!

און נאָך א טענה האָט ער, אז ער האָט גערעכנט אויף קרבות מיט די באַלעבאַטים, ווי ער זאָגט—פּראָטעקציע, און זיי, אז זיי האָבן זיך אָנגעגעסן און אָפּגעטאַנצט אויף דער אָרימער חתונה, לאָזן זיי אים נישט פאַר די אויגן...

פאַרשטייט זיך, אז אריינמישן זיך אין דער ערשטער שעה האָב איך נישט געוואָלט... באַלעבאַטים און זוגתי, פייגע תחיה, האָבן נישט געלאָזט... און וואָס איז דאָס פאַר א נייעס? עס טרעפט זיך ביי לייטן! נאָך דער חתונה, איידער מען געוווינט זיך צו, טרעפט זיך גאַנץ אָפט מחלוקת צווישן מאַן און ווייב, דער־נאָך—הרגל נעשה טבע, מען ווערט געוואוינט, לעבט מען!

און באמת, איך מיט זוגתי פייגע, תחיה, האָבן מיר אויך דאָס ערשטע יאָר נאָך דער חתונה זיך אויפגעשטויסן... דערנאָך אָבער, אַז זוגתי פייגע האָט אָנגעהויבן קינדלען, פון קעסט איז מען אַראָפּ, האָט מען די נאַרישקייטן אַוועקגעלייגט.

און איך האָב מיר אָנגעהויבן זוכן א שטיקל עסק... עס איז מיר נישט געראָטן; בין איך געוואָרן מלמד. און גאָרנישט, מען לעבט, ברוך השם, הלואי, ביז הונדערט און צוואַנציג יאָר!

הכלל,—שווייג איך! און בפרט אַז אין קורצן האָט מיר זוגתי פייגע, תחיה, א וואונק געטאָן אויף ברכה־לאה׳ן, ווי איינער זאָגט: פאַרשטייסט! דאַרף מען דאָך מיר קיין פינגער אין מויל אריין נישט לייגן; טראַכט איך: סימן־טוב ומזל־טוב!

לאָזט זיך אָבער אויס א בוידים!

ער איז דאָס איינגענע וואָס פריער, נאָך ערגער ווי פריער!

אונזער תכשיט האָט אברהם אָבינו׳ס מעלה: ער רעדט ווייניג און טוט א סך; לא די, וואָס ער האָט זיך אָנגעטאָן דייטש, האָט ער נאָך אָנגעהויבן שפּילן גאַנצע נעכט אין קאָרטן!

נאַכט אויף נאַכט ברענגט ער זיך אחיים חברה־לייט, נויט נאָך ברכה־לאה׳ן, זי זאָל זיי מאַכן טיי, געבן א ביסל בראָנפן, מאַכן א הערינג, און דוקא מיט עסיג און מיט בוימל, א נישט— פּאַסט זיי נישט! צום פאַרבייסן מוזן זיי האָבן ווייסע זעמל; ברויט—חס ושלום! אַז טאָמער פעלט עפּעס פון די זיבן זאַכן, מאַכט ער קולות! און ער שפּעט נאָך אויס איר! מאַכט אויס איר לייטן־געלעכטער!

נאָך א שאַש, זידלט ער נאָך און שילט!

זע איך שוין, אַז עס איז נישט היטב, אַז מען טאָר שוין נישט שווייגן; מאַך איך מיר א לב און איך גיי צום זוג.

איך קום אַריין, הויב אָן, פאַרשטייט זיך, מיט גוטע דיבורים, מיט פיינע דיבורים, אפילו מיט א הלצה׳לע, ווי מיין שטייגער איז. פאַר גוט־פריינטשאַפט מאַך איך מיר א געלעכטערל און זאָג אים, אַז אָבוואָל ער איז א פושע ישראל, איז נאָך פונדעסטוועגן קיין סכנת־נפשות נישט! און דערצייל אים די גדולות פון א

בעל תשובה... און זאָג אים, אַז ברכה־לאה'ס זכות־אָבות וועט אים ביישטיין! זאָל ער נאָר, זאָג איך, אָנהויבן... זאָל ער נאָר האָבן א הרהור תשובה!

איך זאָג אים נאָך צו, אַז איך וועל אים מקרב זיין, מיטנעמען אין מיין שטיבל אריין. און, אַז איך וועל, אם ירצה השם, פאָרן, וועל איך אים אויך מיטנעמען, וכדומה אזעלכע ווייכע דיבורים...

פּלאַצט ער אָבער פאר געלעכטער!

ער לאַכט אויס מיר, אויסן שטיבל, אויסן רבי'ן. ער איז מיר מוחל — זאָגט ער, — די אַלע גליקן, איך זאָל אים נאָר ברכה־לאה'ן צונעמען!

דערביי רעדט ער אזוינע דיבורים, — נישט פאר'ן מויל צו ברענגען!

באין ברירה, האָב איך שוין אָנגעהויבן א ביסעלע הארטער, האָב איך אים שוין געזאָגט, אַז כאָטש ער גייט דייטש, איז ער פאָרט אַן עם־הארץ, א שוטה, און ווייטער האָב איך אים, נאָר אָן פּחד, געזאָגט: אַז אויב ער וועט תשובה טאָן, איז רעכט, און אַז אויב נישט, וועט ער זיך טאָקע אויסריכטן א שווארץ, פינצטער יאָר אין גהינום!

צעלאַכט ער זיך ווידער אויף א קול! ווער גהינום, וואָס גהינום? גלייך ער וואָלט דאָרט געווען און געזען, אַז עס איז, חס ושלום, קיין גהינום נישט פאראַן!

און דערנאָך, ווייזט ער מיר נאָך, דער עזות מחוצף פּנים, די טיר!

וואָס האָב איך געזאָלט טאָן?

ברכה־לאה, זע איך, אין גרין און געל, די טרערן גיסן זיך איר ווי וואַסער, גיי איך אַרויס און שיק דעם מחוצף רופן צום דיין.

קומט ער נישט, וואַרט איך א צייט...

מיט דער צייט איז די זאַך שטיל געוואָרן! איך הער נישט...

און הערן הער איך נישט, ווייל דער פּושע ישראל האָט אָנגעזאָגט ברכה־לאה'ן, איר פוס זאָל איבער מיין שוועל נישט קומען; מכות אכזריות וועט ער זי שלאָגן! מילא, איז דאָך

ברכה־לאה אַן אשה כשרה, טוט זי, וואָס דער מאַן הייסט; זיצט זי אינדערהיים און שלינגט די טרערן בסוד.

הער איך נישט; ווייס איך נישט!

דערוויל באַקום איך מיינס אַן אייגן פּעקל צרות!

זוגתי פייגע ווערט מיר קראַנק. דער רופא זאָגט—היץ, די שכנים—עפּעס אַנדערש. מיר דאַכט זיך—אַן עין־הרע.

די שטוב האָט קיין באַלעבאָס, די קינדער קיין מאַמע נישט. און קיין טאַטן אויך נישט, ווייל עס איז בין־הזמנים, און עס פעלט מיר נאָך צוויי־דריי תלמידים!

איז ווייניג? בין איך אַליין אויך נישט אינגאַנצן!

די וואַרשעווער טרעפּ נעמען מיר אַרויס דאָס חיות! און דאָ יאָגט מען מיך פון אַלע זייטן: דער באַלעבאָס וויל דירה־געלט,— פאַר צוויי קוואַרטאַל נישט באַצאָלט! און דער רעוויראָווע וויל דוקא, איך זאָל נאָך צודינגען אַ שטוב, עס זאָל זיין גרוימער פאַר די חדר־אינגלעך, מער לופט זאָלן זיי האָבן!

גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן דערפאַר,—האָב איך טאַקע אַן ברכה־לאה׳ן פאַרגעסן!

און דערמאָן איך מיר אַמאָל, טראַכט איך, אַז עס איז שטיל, האָט אודאי דער רשע תשובה געטאָן, און עס איז קוש־וואָך!

פּשוט—אַז עס גייט איר גוט, שמעקט זי נישט אַריין צו אָרימע קרובים...

נאָר איינמאָל, קום איך אַהיים מיט אַ פאַר׳חלש׳ט האַרץ און געשוואָלענע פיס, לא עליכם, — וויל איך מיך וואַשן, נעמען וואָס עס איז אין מויל אַריין, אָפּבענטשן און אויסציען זיך די ביינער אין בעט, — דערציילט מיר זוגתי פייגע אַ בשורה טובה: ברכה־לאה איז דאָ געווען און האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן: נאָר זאָגט, אַז מיר זיינען פּשוט׳ע רוצחים, אַז אונז אַרט גאָרנישט איר פינצטער מזל, אַז זי איז אַ וויסטע יתומה, עלנט ווי אַ שטיין.

דערציילט האָט זי, אַז בעלה משה ישראל טוט איר אָן גאָר ברענטע לייד. אַז ער איז איר אַ דם־שונא; ער שלאָגט און

הרג׳עט זי. ער האָט איר כמה פעמים בלוט געלאָזט פון דער נאָז, פון די אויערן...

איך פרעג זוגתי פייגע׳ן: היתכן? א איד זאָל שלאָגן א ווייב, בפרט נאָך א מעוברת׳ע?

ענטפערט זי מיר, אַז דאָס איז טאַקע זיין משוגע׳נער כעס! משה ישראל איז שוין גאָר, גאָר אראָפּ פון דרך... קיין בטחון האָט ער נישט, — שרייט ער, אַז ער האָט נישט פון וואַנען צו לעבן, וויל ער, ימח שמו וזכרו, ברכה־לאה זאָל, חס ושלום, אָן זיך א מעשה טאָן...

די גאַנצע וועלט,—זאָגט ער,—טוט אזוי!

אלע גביר׳ישע ווייבער טוען אזוי!

און ווייל זי וויל נישט, שלאָגט ער זי און שילט זי מיט טויטע קללות, זי מיט׳ן פאָטער צוזאַמען!

אַז איך האָב דערהערט, אַז ער שילט אָחי, זכרונו־לברכה, בין איך שוין געוואָרן מלא חימה! פאַרגעס איך, וואו איך האַלט אין דער וועלט, כאַפּ דעם שטעקן: מיין טויט, אָדער זיין טויט! קוילען וועל איך דעם כלב! און לויף אָן א האַריץ, אָן אָן אָטעם...

און איך בין געקומען און געזען — — — —

צרות האָב איך געזען!

די טיר איז אָפן... אין שטוב — פינצטער־חושך... דער חברה־מאַן איז נישטאָ! עוקר געווען!

קיין כלים, קיין בעטגעוואַנט, — אָפּגעצויגן האָט ער... און זי וואו איז?

זי ליגט, אויף דער פּאָדלאָגע ליגט זי, זי וואַרפט זיך...

.4

א נס. זוגתי פייגע תחיה און אירע מעשים. — מען וואַרפט מיך אַרויס און וואו איך גיי.

א נס איז געשען, וואָס זוגתי פייגע האָט, קיין עין־הרע, א שכל־הישר.

אַז איך האָב געכאַפּט דעם שטעקן און געשריגן, אַז איך גיי

ממית'ן דעם כלב, האָט זיך זוגתי פייגע גאָרנישט גענומען צום הארץ... זוגתי פייגע ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך בין, חס ושלום, קיין רוצח נישט, אַז אַ פליג אויף דער וואַנט, וועל איך אויך נישט טויטן. זי ווייסט, אַז, ווען איך קום שוין גאָר אין כעס אריין, הויב איך ערשט אָן צו וויינען, אַזאַ טבע האָב איך שוין, פאַר כעס גיסן זיך מיר טרערן ווי וואַסער.

און דאָס ווייסט אויך זוגתי פייגע, אַז אפילו די תלמידים מיינע שלאָג איך אויך נישט ווי עס דאַרף זיין, און די באַלעבאַטים האָבן אויף מיר תרעומות דערפאַר; איך אַליין, האָב אויך אַמאָל מורא, אַז איך בין נישט יוצא פאַר גאָט און פאַר לייט; מען דאַרף אַמאָל אַ שמיץ! און בפרט, זייט איינער פון מיינע תלמידים איז אַרויס לתרבות רעה, גלויב איך אודאי, אַז מען דאַרף אַ שמיץ...

נאָר, לאָמיך נישט אַראָפּ אין אַ זייט!

הכלל — זוגתי פייגע ווייסט, אַז איך וועל איר קיין רעה נישט טאָן, זיצט זי זיך רואיג אויפ'ן בעט. שפּעטער אָבער, אַז עס איז אַריבער איין שעה און אַ צווייטע שעה און איך קום נישט, האָט זיך ערשט זוגתי פייגע דערשראָקן; איז ביי איר געבליבן, אַז איך האָב טאַקע דעם כלב קורע־כדג געווען און מען האָט מיך אַריינגעזעצט תפוש!

נו־נו! פאַרגעסט זי שוין אַלע יסורים, פאַרגעסט זי די קינ־דער אין די בעטן, דאָס ביסל כלי־בית אין שטוב; כאַפּט זי אויף זיך וואָס עס איז, און לויפט מיר נאָך. זי האָט אפילו פאַרגעסן די טיר צו פאַרשליסן!

איך קוק מיך אום, — זי איז דאָ, און קוים איז זי געקומען, האָט זי שוין מיט איין בליק דערקענט, וואָס עס טוט זיך!

קודם־כל, אַז זי זעט, אַז איך שטיי ווי אַ גולם, גיט זי אַ געשריי: במלן!

און תוך כדי דבור רייסט זי אויף די טיר און שרייט. געוואַלד! שרייט זי. און עס באַווייזט זיך באַלד עטלעכע שכנות, און זוגתי

פייגע קאָמאַנדעוועט, און די שכנות טוען. און איינע האָט מיך טאַקע, אויף זוגתי פייגע'ס באַפעל, — ארויסגעוואָרפן פון טיר...

וואו גייט מען? אין גאַס איז א נאַסער שניי, דער ווינט פאַטשט אין פנים אריין, גנב'עט זיך אריין דורך די לעכער פון מיינע מלבושים...

גיי איך אין בית־המדרש אריין.

אין בית־המדרש, זיינען נאָך געזעסן עטלעכע מענטשן, וואָס קוקן נאָכ'ן דאַווענען אריין אין א ספר.

נעם איך מיר אראָפּ א גמרא!

און שוין! איך דארף נישט מער!

קוים עפן איך די גמרא — אוים ברכה־לאה! אוים דער מאַן אירער, דער רשע מרושע—אוים וועלט!

ווער איז אן עגונה? ווער איז אנטלאָפן? ווער איז א מקשה לילד? נאָרנישט! נאָרנישט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

.5

מיינע תלמידים, ווער איז מיין רבי? זו תורה וזו שכרה.
משל לצפור... הרהורים רעים און ספקות.

אז איך אליין לערן אַמאָל מיט חשק, קענען עס מיינע גביר'ישע תלמידים נישט פארשטיין. זיי פרעגן מיך, צי איך דארף אויך נאָך לערנען? ווער מיין רבי איז?...

די שוטים! זיי ווייסן פאַר נישט, אז די וועלט איז גאָר א וואוילער רבי, אז דאגת פרנסה איז א רבי! צרות צרורות זיינען גוטע מלמדים... דער יתוש, וואָס קראַצט אַלץ אינאיינעם אין מוח מיט'ן „אם תאמר: מה נאכל?", איז גאָר א פייערדיגער רבי! און זיי אליין, די תלמידים מיינע, און די פאָטערס זייערע— די באַלעבאַטים מיינע, זיינען אויך גאָר פיינע מלמדים... אוי, ווי פיין!

אַלץ טרייבט צום לערנען!

אָבער זו תורה וזו שכרה!

מיש איך אויף די גמרא,—ווער איז צו מיר גלייך.

אַז איך עפן די גמרא, פֿיל איך, אַז דער הימל האָט זיך מיר געעפֿנט! אַז דער רבונו של עולם האָט מיר מיט זיין גרויס חסד געגעבן פֿליגל; גרויסע, ברייטע פֿליגל האָט ער מיר געגעבן! און איך פֿלי מיט זיי; און אַדלער בין איך! און פֿליען — פֿלי איך וויט, ווייט! נישט מעבר לים; פֿון דער וועלט אַרויס פֿלי איך!

פֿון דער וועלט מיט שקר, מיט חנופֿה, מיט יסורים רעים!

און איך פֿלי גאָר אין אַן אַנדער וועלט אַריין! אין אַ נייער וועלט, אין אַ וועלט פֿון כל טוב, פֿון רק טוב; אין אַ וועלט, אָן אַ דעה פֿון בויכיגע באַלעבאַטים, פֿון מיוחסים — עמי־הארצים; אַ וועלט אָן אַ צורת מטבע, אָן אַ דאגת פּרנסה. דאָרט איז נישטאָ קיין מקשה לילד, קיין הונגעריגע קינדער, קיין ווייבערשע קולות!

און דאָרטן בין איך, איך דער אָרימער, קראַנקער, דערשלאָגענער, אויסגעהונגערטער און אויסגעדאַרטער מלמד, — איך, עני מדוכא, וואָס שטומט דאָ ווי אַ פֿיש, וואָס מען טרעט דאָ ווי אַ וואָרים,—איך בין עס דאָרט דער מענטש, דער מיוחס, דער בעל־דעה! און פֿריי בין איך און פֿריי איז מיין רצון, און צו שאַפֿן האָב איך! וועלטן בוי איך אויף און וועלטן צעוואַרף איך! און איך בוי מיר נייע אויף זייער אָרט! נייע, שענערע און בעסערע וועלטן! און איך לעב אין זיי, פֿלי אַרום אין זיי! אין גן־עדן בין איך... אין אמת'ן גן־עדן!

און ווייסן ווייס איך, אַז איך ווייס מער, ווי דאָס וואָס איך וויל און קען אויסזאָגן מיינע תלמידים, און וואָס איך זאָג מיר אַליין אויס! און איך פֿיל אַזוינס, וואָס מען קען איבער די ליפּן נישט ברענגען; וואָס קיין אויג זעט נישט און קיין אויער הערט נישט, נאָר אין האַרץ וואַקסט עס, דאָרט לעבט עס, דאָרט קלאַפּט עס!

די שנים אוחזין בטלית זיינען פֿאַר מיר נישט קיין מענטשן פֿון גאַס, נישט קיין פּראָסטע ראובן ושמעון, ווי איך פּאַרטייטש פֿאַר מיינע תלמידים! און דער טלית, איבער וועלכן זיי שפּאַרן

זיך, איז נישט קיין טלית, וואָס מען קויפט ביי יוסל פּעשע'ס אין געוועלב... איך נעם טיפער!

איך זאַפּ דאָך איין די ניצוצין — די ליכטיגע פונקען פון צווישן די שורות, פון צווישן די ווערטער, פון צווישן די אותיות; די נשמה זאַפּט זיי דאָך איין ווי א שוואָם! איך פיל דאָך, ווי איך ווער אינגאַנצן דורכגעצויגן, דורכגעזאַפּט מיט דער ליכט, וואָס איז טאַקע באַהאַלטן געוואָרן פאַר די צדיקים לעתיד לבא — אויף יענער וועלט!

אוי, נאָר זיצן און לערנען! נאָר לערנען!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און דאָס מוז איך אייך אויך זאָגן, אַז אויב איך בין אין די גביר'ישע הייזער, און זע ווי זיי זיצן און שפּילן גאַנצע נעכט אין קאָרטן, אָדער פאַרברענגען די צייט מיט שיחת־נשים, מיט אַנדערע הבלים...

אָדער אַז איך זע אין גאַס, און זע דורך אַן אָפענער שענק־טיר, ווי עס זיצט א באַלמעלאָכע אין א וואָלקן פון רויך און טרינקט, זאָג איך אייך, ווער איך גאָרנישט אין כעס... בין איך אויף זיי גאָרנישט מקטרג... אדרבא: מיר צעגייט דאָס הארץ פאַר רחמנות אויף זיי!

וואָרן, צוריק געשמועסט, וואָס זאָלן זיי טאָן אָן תורה?...

ווי איך האָב שוין געזאָגט, האָב איך אַמאָל געקנעלט אין א דאָרף, האָט מיר מיין תלמיד געוויזן, ווי צום סוף זומער פליען זיך צונויף די פייגעלעך און פאַרלאָזן אונזער מדינה, איידער דער ווינטער קומט.. איך האָב געזען ווי זיי נעמען זיך צוזאַמען גאַנצע מחנות און לאָזן זיך אוועק ווייט, ווייט...

די קליינע פייגעלעך קענען נישט און ווילן דאָ נישט בלייבן אין דער צייט פון שניי און פראָסט.. אין דער צייט, קען דאָ קיין אָרים פייגעלע קיין קיום נישט האָבן... און די פייגעלעך ווייסן עס: זיי פילן, אַז דער ווינט קומט, אַז זייער מלאך־המות קומט...

נאָר איינמאָל האָב איך געזען, ווי א קליין פייגעלע, א בעל־

מום, נעבעך, מיט א צעבראָכן פליגעלע, האָט געהיפּט און געהיפּט איבער דער נאַסער, קאַלטער ערד, עס האָט געפּישטשעט, און עס האָט זיך ניט געקענט אויפהויבן אין דער הויך, נאָכצופליען די גרויסע פייגל...

און עס איז א צער בעלי־חיים געווען צו קוקן, ווי דאָס אָרימע פייגעלע האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען, און אַלץ געהיפּט און געהיפּט, און געקוקט ווי יענע, די פרייע פייגעלעך, פליען, פליען הויך, הויך אַוועק...

און דענסטמאָל האָב איך מיר געטראַכט: צו דעם קראַנקן פייגעלע איז געגליכן די נשמה פון אן עם הארץ...

פליען קענען זיי נישט די עם־הארצים; זיי האָבן קיין פליגל, קיין תורה נישט!

גיב זיי תורה, גיב זיי פליגל, וועלן זיי פליען... וועלן זיי אויך פליען אַרויף, צו די הויכע וועלטן!

מען האָט זיי אָבער די פליגלען צעבראָכן, היפּן זיי אַרום אויף דער ערד, איבער דער קאַלטער בלאָטע...

רעדט מען ניבול־פּה, שפּילט מען אין קאָרטן!
דער רייכער אין סאַליע, דער אָרימער אין שענק...
נאָר, לאָמיר צוריקגיין צו דער זאַך...
הכלל—איך זיץ און לערן...

ביסלעכווייז איז זיך דער קליינער עולם צעגאַנגען... דער שמש איז אַרויסגעגאַנגען דער לעצטער...

וואָס אָרט עס מיך? איך זע גאָרנישט!

ביי א ליכט, אין וואַרימען בית־המדרש, ביי דער אָפענער גמרא, האָב איך, אפילו איינער אַליין, קיין פּחד נישט!

און פאַרטיפט בין איך געווען, ווי עס דאַרף צו זיין!

תורה, ווייסט איר דאָך, איז געגליכנט צו א ים, פאַליעס שלאָגן!

איינשלינגען ווילן זיי מיך... נאָר איך קען שווימען! איך לאָז מיך אַראָפּ און שווים אַרויף, און בין ווייטער אויבן אָן! טיילמאָל ווערט שטיל דער ים; ער ווערט שיין, ריין און קלאָר

ווי דער הימל... און מיין נשמה באָדט זיך אינ'ם פרישן, מחיה'־דיגן וואסער; זי גליטשט זיך ווי איבער א שפיגל, מיט תענוג, מיט חן... און דאָס וואסער וואשט זי ארום, רייניגט זי אָפּ פון אלע פלעקן, מיט די שווארצע עולם־הזה־פינטעלעך!

און ריין, און הייליק ווערט די נשמה...

נאָר פלוצלונג דערפיל איך א ברי אין פינגער... און איך בלייב אין דער פינצטער...

צווישן די פינגער איז מיר דאָס ליכטל אויסגעגאַנגען...

און אליין, אין דער פינצטער, האָב איך מורא!

עס פאַלט אויף מיר א גרויסער פּחד...

אז עס איז ליכטיג, ביימאָג צי ביינאכט, שרעק איך מיך נישט.

מיר איז גוט! איך זע די וועלט ארום מיר, איך פיל דעם באלעבאָס איבער דער וועלט! איך זע די וועלט, און די וועלט זעט מיך; און איך ווייס, אז איך בין א חלק פון דער וועלט, אז איר באלעבאָס איז אויך מיין באלעבאָס; אז אָן זיין רשות, וועט מיר קיין האָר נישט געקרימט ווערן. ער וועט נישט לאָזן, און די וועלט אליין וועט אויך נישט לאָזן...

ערן—פארוואָס, פארווען?

אָבער אין דער פינצטער, אז איך בין אליין אין דער פינצטער, אז איך זע נישט די וועלט,—אוי, דעמאָלט ווער איך גאָר אויס מענטש! בייזע געדאנקען באפאלן מיך דעמאָלט! דעמאָלט דאכט זיך מיר,—זאָל מיך גאָט דערפאר נישט שטראָפן,—אז איך האָב גאָר קיין שייכות נישט מיט דער וועלט, אז מען האָט מיך פון איר אויסגעריסן און אוועקגעפירט.

איך געהער מיך מיט איר נישט אָן; נישט איך, נישט מיין ווייב, נישט מיינע קינדער... מיר האָבן מיט איר קיין מגע ומשא נישט!... אָט כאפּט מען מיך, אָדער איינס פון זיי, אוועק, גאָר אין דער שטיל אוועק און קיינער וועט נישט זען, קיינער וועט נישט וויסן, פילן אודאי נישט!

און קוים איז אויסגעגאַנגען דאָס ליכט, איז מיר אויסגעגאַנ־

גען די נשמה יתרה פון לערנען; בין איך געבליבן ביי מיין ציטערדיגער, דערשראָקענער, פשוט'ער נשמה, פון א קבצן — א מלמד...

איך בין שוין צוריק א גאָרנישט, א וואָרים, א פארלוירענע זאַך...

און די ליפּן מיינע ציטערן: גאָט זאָל העלפן, גאָט זאָל העלפן...

און דאָס הארץ נאָגט און פּלאָגט: ברכה־לאה וועט געווינען... אודאי וועט זי געווינען... און נאָך א צווילינג וועט זי האָבן! די מאמע אירע איז מפורסמת געוועזן מיט צווילינגער!

טאָמער האָסטו ווייניג ווייב און קינד, נא, פאלט אויף דיר גאָר ברכה־לאה מיט א קינד, ברכה־לאה מיט צוויי, דריי קינדער... זיינוויל־יחיאל איז א שוכן עפר; ער זיצט זיך דאָרט אין גן־עדן און לערנט תורה; און דו האָרעווע... זיי מפרנס...

און די ליפּן ציטערן: זאָל גאָט רחמנות האָבן, זאָל גאָט רחמנות האָבן!

און שלעכטע געדאנקען זאָגן: אז גאָט זאָל זיך וועלן מרחם זיין, האָט ער קיין אנדער עצה נישט, נאָר דעם מלאך־המות צו שיקן... צו מיר... צו דער יולדת...

— רחמנות'דיגער גאָט, רחמנות'דיגער גאָט!

און איך ווייס, אז איך זינדיג פאר גאָט, אז איך ווער, חס־ושלום, א כופר בעיקר. איך ווייס, נאָר איך האָב קיין שליטה נישט צו פארטרייבן פון הארץ ארויס דעם שד... די בייזע מחשבה... וואָרן איינער אליין בין איך שוואך! אין דער פינצטער—גאָר שוואך!

איך ווייס, אז איין רפואה דערצו איז תורה, און איך וויל לערנען אויסנווייניג, איך וויל מיך דערמאָנען די סוגיא, און איך קען נישט! איך האָב זי פארגעסן, איך האָב אלץ פארגעסן! כל התורה כולה פארגעסן!

און מיט אלע כחות האָב איך דעמאָלט אויסגעשריען:

רבונו של עולם! העלף מיר! העלף מיר!

און—עס איז מיר א נס געשען!

## .6

על הנסים.—אור הגנוז.—אַ תיקון פאַר אַ נשמה.—אַ מלאַך־המות, וואָס קומט, ווייל מען האָט'ן גערופן!

שפּעטער, אז איך האָב דערציילט די מעשה אַ משכיל, מיינעם אַ געוועזענעם תּלמיד, האָט ער געלאַכט, און ווי הייסט געלאַכט! עס איז,—זאָגט ער,—גאָר קיין נישט נס געוועזן! נאָר א מקרה, א צופאַל, זאָגט ער, אָדער א כוח הדמיון און אפשר פּשוט א חלום... וכדומה...

נאָר, וואָס אַרט עס מיך?

יתרו, ווייס איך, האָט זיבן נעמען געהאַט, און געוועזן איז איין יתרו!

רוף עס ווי דו ווילסט: נס, מקרה, כוח־הדמיון... מעשה בלייבט מעשה!

און איך ווייס נאָר, אז בשעת מעשה, ווען עס האָט זיך מיר שוין געדאַכט, אז איך פאַל, חס־ושלום, אין שאול תּחתּית אריין, איז פּלוצלונג דאָס גאַנצע בית־המדרש געוואָרן פול מיט ליכט! און א וואונדערלעך זיסע ליכט! אזא בלויע ליכטיגקייט, ווי די זיילן, וואָס לאָזן זיך אַמאָל, זומער־צייט, משופּע אַראָפּ פון דער זון, אין שטוב אריין דורך א פענצטער...

די זייל, זעט מען בחוש, באַשטייט פון קליינע, ליכטיגע טראָפּן, און יעדער טראָפּן יאָגט זיך בליצנדיג אַרום אין דער זייל...

און אַזאַ זייל האָט דעמאָלט דערפילט דאָס גאַנצע בית־המדרש...

און פּלוצלונג ווער איך רואיג... אויס מחשבות!...

דאָס בית־המדרש איז פול מיט זיסער ליכט! און איך ווער פול מיט ליכטיגן, זיסן בטחון! און אַלץ אין מיר איז אַזוי קלאָר, אַזוי ריין, אַזוי קריסטאָלן!

און, אז איך קוק מיך אום אויף מזרח־זייט, פונוואַנען די זייל שלאָגט, דערזע איך אימיצן!

און וועמען, מיינט איר, דערזע איך?

אָחי, זכרונו־לברכה, דערזע איך! און טאַקע, אויף דעם אָרט, וואו ער פּלעגט שטענדיג זיצן און לערנען!

און ער זיצט ביי א ספר... זיין פּנים זע איך נישט, ווייל ער האַלט אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנט; נאָר דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז ער!... אַז דאָס איז אָחי זיינוויל־יחיאל...

און איך האָב מיך גאָרנישט געשראָקן!

דען דער כּלל איז: ווער עס האָט קיין מורא נישט פאַר לע־בעדיגע, דער ציטערט פאַר טויטע... אָבער איך? איך, אָרימער וואָרים, וואָס ציטערט שטענדיג פאַר אַלעם וואָס לעבט, וואָס זאָל איך מורא האָבן פאַר טויטע? און פאַר וועמען? פאַר אָחי זיינוויל־יחיאל, וואָס איז נאָך ביים לעבן געוועזן א זייד? און איך פרעג פּשט פּשוט:

— דו ביזט עס, זיינוויל־יחיאל?

— איך!—ענטפערט ער, און נעמט אוועק די האַנט פון די אויגן.

איך דערזע זיין פּנים... עס שלאָגט דערפון אזא מין ליבלעכ־קייט; אין די אויגן זיינע שטעקט אזא מין מתיקות...

און איך פרעג ווייטער:

וואָס טוסטו דאָ, ברודער?

און ער ענטפערט מיר:

— וואָס איך טו? זייער פיל טו איך! ביים לעבן בין איך דאָ געזעסן און געלערנט, און דער שטן האָט מיך מבלבל געוועזן, דאגת פּרנסה האָט זיך אַריינגעמישט, און איך האָב איבערגעפּירט במה וכמה מקומות, אין א סך אָן כּונה געלערנט... טו איך ציגד, וואָס עס איז אויף מיר נגזר געוואָרן, מתקן צו זיין די נשמה! איך חזר איבער.

— און אַלץ מיט כּונה?

ער שאָקלט מיט'ן קאָפּ אויף יאָ, און איך זאָג:

— זיינוויל־יחיאל, דו לערנסט מיט כּונה, ווייל דו ווייסט נישט...

און ער שלאָגט מיר איבער די רייד מיט זיין זיס קול:

— שוטה,—זאָגט ער,—גאָר פאַרקערט; ווייל איך ווייס. לערן איך היינט מיט כונה! לעבעדיגערהייס, האָב איך ווייניג גע־וואוסט, א סך ספקות געהאַט, בין איך אריבער איבער א סך זאַכן אָן כונה; ווארים נאָר דאָס, וואָס מען ווייסט נישט, איז מבלבל די ספקות...

אצינד אָבער, אַז איך ווייס, אַז איך האָב קיין ספקות נישט, איז אַלץ מיט כונה!

— און דו ווייסט, אַז משה ישראל?...

— ...איז אנטלאָפן קיין אַמעריקע? איך ווייס אפילו מיט וואָס פאַר א שיף ער איז אוועק... טרפות עסט ער אויף דער שיף; איך ווייס!

— און ווייסט, אַז ברכה־לאה?...

— ...איז מקשה לילד? אודאי ווייס איך. איך ווייס אפילו, אַז זי וועט האָבן א בן זכר...

— נישט קיין צווילינג?

— ניין, קיין צווילינג וועט זי נישט האָבן! נאָר גרויס רחמים דאַרף זי! דאָס קינד וועט זיין א בעל־מום... דער רשע האָט איר א שטויס געטאָן און מקלקל געווען...

און איך פרעג ווייטער:

— און טאָמער ווייסטו, פון וואַנען זי וועט לעבן?

— דאָס ווייס איך אויך,—מאַכט ער בנעימות. ער רוקט זיך צו מיר נענטער צו, נעמט מיך אָן ביים אקסל און זאָגט:

— קוק ארויס, קוק דורכ'ן פענצטער.

איך פאָלג.

— נו, וואָס זעסטו?

— איך זע, עמיץ גייט פאַרביי.. אָנגעטאָן אין ווייסן... דאָס פנים זיינס שיינט, גלייך די שכינה וואָלט דערויף גערוט, אין לשער שיינט עס... און ער גייט זיך פאַמעלעך.

מיר דאַכט, איך הער ווי א קלעזמער שפּילט, גייענדיג, א זיסן הארצנדיגן ניגון!...

אָ' איז ער פאַרביינעגאַנגען דער מענטש...

— נישט קיין מענטש איז עס געווען,—א מלאך!

— א מלאך?

— א מלאך, און א גוטער מלאך... זייער א גוטער! דער מלאך־המות!

— דער מלאך־המות?—ווער איך שוין דערשראָקן.

— וואָס ציטערסטו אזוי? ווילסט פאַר'ן אנטלויפן?

— און וואו, וואוהין איז ער געגאַנגען דער מלאך?

— וואוהין? צו ר' שמחה'ן, דעם גביר; זיין טאָכטער איז אויך מקשה לילד...

— איך ווייס... פאַר איר מיט'ן וולד האָב איך היינט פרי מיט א חברה תהילים געזאָגט...

— תפילה עושה מחצה; דאָס קינד וועט לעבן...

— און זי?

— האָסט דאָך געזען!

דאָס איז ער געגאַנגען צו'ן איר! און אזוי אָן א חשק. טריט ביי טריט; פאַר רחמנות?

— אפשר! נאָר ער האָט זיך נישט וואָס צו איילן; נישט נאָט'ס שליח איז ער!

— וואָס רעדסטו?—שריי איך דערשראָקן,—ווער נאָך האָט צו שאַפן?

— דער מענטש האָט אויך, זיין רצון... זי אליין האָט'ן גע־רופן...

— זי אליין?!

— זי האָט נישט געוואָלט קיין קינד האָבן, קיין מאַמע זיין! אויך מקלקל געוועזן...

— רבונו של עולם! — האָב איך אויסגעשריען מיט גרוים צער, — זי וועט שטאַרבן פאַר אירע זינד... אָבער וואָס איז דאָס קינד, נעבעך, שולדיג. דאָס קינד וועט בלייבן א יתום... רבונו של עולם!

— שריי נישט,—נעמט מיך זיינוויל־יחיאל אָן ביי דער האַנט, —שריי נישט! ברכה־לאה וועט זיין דעם קינד'ס אַם!

... און פון היינט אָן ווייס: ווער עס שענקט דאָס לעבן, דער גיט פון וואָס צו לעבן!

ובאותו רגע, איז ער מיר אין דער לופט צערונען, די ליכטיגע זייל איז פארשוואונדן און דורכ'ן פענצטער האט שוין ארייגגע־קוקט דער בלאסער מארגן.

.7

ווער עס גיט לעבן, גיט פון וואס צו לעבן.

איר קענט אייך גארנישט משער זיין, וואס איך האב בשעת מעשה געפילט!

איך בין אנידערגעפאלן, ווי גרויס איך בין; די קוואלן פון די אויגן האבן זיך מיר געעפנט, און די טרערן האבן זיך געגאסן און געגאסן...

און מיר האט זיך געדאכט, אז נישט מיט טרערן וויין איך, נאר מיט שטיינער; אז שטיינער קומען מיר ארויף פון הארץ און קלארן זיך מיר דורך די אויגן ארויס! ווארן, וואס מער טרע־רען עס זיינען ארויס, וויניגער שטיינער איז מיר געבליבן אויפ'ן הארץ, לייכטער איז מיר געווארן און פרייער!

און די מעשה ענדיגט זיך שוין.

איך גיי אהיים.

די טיר, זע איך, שטייט אפן!

איך קום אין שטוב אריין, און ביים שוואכן שיין פון בלאסן מארגן, זע איך, אז דא זיינען גנבים געוועזן!

די כלים פון שטוב זיינען פארשוואונדן!

— מאכט נישט אויס!—טראכט איך.

די קינדער הוסטן פון שלאף, טרוקן און הייזעריג.

איך הער און טראכט מיר—עס שאדט נישט, עס מאכט נישט אויס!

באלד קומט אן זוגתי פייגע. זאגט זי מיר: מזל טוב! ענט־פער איך איר:

— א אינגל, א בעל־מום.

בלייבט זי פארגאפט.

— א נביא ביזטו צי וואָס? — און הערט נישט ווי די קינ־דער הוסטן, און זעט נישט ווי די שטוב איז אויסגעלערט.

— פון וואַנען וויסטו דאָס אַלץ?

און איך זאָג איר:

— און נאָך ווייס איך, זוגתי פייגע! איך ווייס, אַז ר׳ שמחה דעם גביר׳ס טאָכטער איז אַוועקגעקומען („נפטר" האָט זיך מיר אויף דער צונג נישט געלייגט), דאָס קינד—א בן זכר—לעבט! און ברכה־לאה וועט זיין אַם!

— ווער האָט דיר דאָס אַלץ געזאָגט?

— וואָרן,—ענטפער איך איר,—ווער עס גיט לעבן, גיט פון וואַנען צום לעבן.

און איך האָב איר אַלץ דערציילט!

ב.

## וואָס אַמאָל ווייניגער

זאָגט יוחנן המלמד: אַז די משכילים האָבן נישט געלאַכט און אנשי שלומנו האָט נישט פאַרדראָסן פאַר מיין ערשטער מעשה, איז א סימן, אַז איך בין גערעכט; אַז עס איז אַזוי ווי איך זאָג: אַז די גאַנצע נפקא מינא צווישן א משכיל און א חסיד איז היינ־טיגע צייטן נישט מער ווי אינ׳ם נאָמען. איי וואָס, חברה שלאָגט זיך, מאַכט קולי קולות, איז עס אויך נישט מער ווי צוליב דעם נאָמען...

און אויב אַזוי, וואָס שווייג איך?

די בין, וואָס נאָגט זאַפט פון גראָזן און בלומען, גיט האָניג; און איך, וואָס האָב מיך אין לעבן א סך אָנגעזען—בין מחויב צו דערציילן.

און איך וויל אייך דערציילן, וואָס איך האָב מיך דערמאָנט, בשעת׳ן קנעלן...

געקומען דערצו בין איך דורך מיין תלמיד איציקל, וואָס האָט ליב צו האָבן מיט מיר וכוחים! אַז איך פאַרשווייג אים, מחמת

בטול תורה, מיינט איציקל, אז איך בין אים מודה! זאָל אים השם יתברך העלפן...

און דער בחור איציקל האַלט שטאַרק פון היינטיגע צייטן...

— א שפּאַס,—זאָגט ער,—א וועלט! סאַמע מאַשינען (דער פאָטער זיינער האָט א פאַבריק), אַלץ גייט אויף פּאַרע און עלעקטרי; דאָס זיינען—זאָגט ער,—אונזערע משרתים: זיי מאַלן אונז מעל, באַקן ברויט, מאַכן זייף, פירן איבער פון איין עק וועלט צו דער צווייטער, ריין קפיצת הדרך!...

און ער איז בטוח, אַז די בעלי המצאות וועלן נאָך כאַפּן אַמאָל די ווינטן און וועלן זיי איינשפּאַנען צום וואַרשטאַט; מען וועט נאָך צוזאַמענעמען די שטראַלן פון דער זון, און הייסן זיי, למשל, שטיוול פּוצן! און דער עיקר—מען וועט נאָך אַמאָל אויף באַלאַנען פליען אין דער לופט, ווי מלאכי השרת, להבדיל...

מילא, בנוגע צו דער מלאכה, צו די מאַשינען, איז נאָך צו דערליידן... איין דור ירשנ'ט המצאות פון צווייטן, ווערט, וואָס אַמאָל, מער המצאות; דאָס קינד אויפ'ן פאָטער'ס אַקסל איז העכער פאַר'ן פאָטער.

מיין תלמיד איציקל זאָגט אָבער, אַז בכלל דער מענטש ווערט וואָס אַמאָל קליגער, פיינער, הן אין דעות, הן אין מדות טובות...

וואָס א יאָר,—זאָגט ער,—וואַקסט מען מיט א קאָפּ אין דער הויך.

אפשר קומט עס דערפון, וואָס מיין תלמיד, איציקל, איז בטבע א בעל מזג טוב, און, אגב — איז ער טאַקע צופרידן פון דער וועלט!

דער שלום,—זאָגט ער, — פאַרשפּרייט זיך אין אַלע לענדער, מדת הרחמים וואַקסט פון טאָג צו טאָג (מען גיט גוזמות צדקה; דער טאַטע זיינער, דער גביר, גיט אויך א סך!), און באַלד, באַלד, —זאָגט ער,—וועט מקוים ווערן ישעיה הנביא'ס ווערטער, וגר זאב עם כבש,—עס וועט וואוינען א וואָלף צוזאַמען מיט א שעפּעלע, און ווי ווייטער שטייט...

און אָט אין דעם בין איך מסופק!...

איך דערמאָן מיך אָן שלמה המלך'ס שאלה: ווער ווייסט,

צי שטייגט דער גייסט פון מענטש ארויף?... וואָרן ווייסן וויים איך, אז עס איז פאַראַן אומריין וואסער, וואָס פליסט אין זאמד, און, פליסנדיג, ווערט עס וואָס אמאָל ריינער, ווייל עס לאָזט אי־בער דאָס אומריינקייט אין זאמד; צום סוף קען מען אפשר דאָס גאָר טרינקען! עס איז אָבער אויך פאַראַן קוואל־וואסער, וואָס פליסט פון א פעלז, גאָר פון א ריין, גאָר פון א הויך אָרט, נאָר עס פליסט איבער א מושב, און וואָס ווייטער עס גייט, שמוציגער ווערט עס; סם ווערט עס.

צו וועלכן וואסער זיינען מיר גליידן?

איך זיץ און טראַכט, און עס שטעלן זיך מיר פאַר די אויגן: ר׳ זישעלע, זכר צדיק לברכה — דער באַוואוסטער גאון עולם, וואָס איז געזעסן א יאָר צוואנציג על כסא הרבנות אין זאמושץ, און דער זון זיינער, ר׳ יחיאל, עליו השלום, א איד א גביר, וואָס מען האָט מיט׳ן געטאָן א שידוך מיט א לובלינער גביר, און ער איז דאָרט געזעסן על התורה ועל העבודה, און וואָס זיינע צדקות ומעשים טובים האָבן גע׳שמ׳ט אויף דער וועלט!

און א דריטער, אויך נישט מיט דער האַנט אָוועקצומאַכן, ר׳ יחיאל, עליו השלום׳ס, א זון, דעם גאונ׳ס ר׳ זישעלע׳ס אן איי־ניקל, להבדיל בין החיים והמתים, הגביר הנכבד ר׳ יוסף, איציקל׳ס, מיין תלמיד׳ס, פאָטער, וואָס וואוינט דאָ אין וואַרשע, האָט א גרויסע פאַבריק און איז אן איש מכובד אין דער גאַנצער שטאָט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

לאָמיר צוריקגיין צו ר׳ זישעלע׳ן.

עס איז ידוע לכל, אז ר׳ זישעלע איז געווען איינער פון די גדולי הדור!...

איינגלווייז האָט ער געלערנט ביים ליסער רב,—גאָר א פאַר־צייטישער גאון! דער ליסער רב האָט פון אים געהאַלטן עולם ומלואו; ער דערמאָנט׳ן אין א תשובה, וואו ער שרייבט מיט דעם לשון: „און מיין תלמיד מובהק, כמ״ר זישע, האָט פאַר מיר גע־לערנט די סוגיא, און האָט זיך אראָפּגעלאָזט אינ׳ם טיפן וואסער, און האָט ארויפגעבראַכט א טייערע פערל. און בטוח בין איך, אז ער וועט זיין א גדול בישראל״.

און אזוי איז טאקע געווען!

ר' זישעלע איז געווען, ווי מען זאָגט, א גייענדיגע שאַנק מיט ספרים,—א גרייזעבער זכרון, א קלאָרער שכל,—א גאון מיט אלע מעלות.

און פאַרוואָס דען האָט מען אים גערופן: ר' זישעלע, פאַר־וואָס נישט ר' זישע?

ערשטנס—פאַר גרוים ליבשאפט:

ער איז א גרויסער עניוו געווען, א גרויסער מרוצה לבריות... א לייב אין תורה ועבודה, אין קהל־זאכן; נישט געקוקט אויף באַ־לעבאטים תקיפים, אויף גבירים גרויסע... און געשטעלט אויף זיך; ביי א הפסד מרובה, האָט ער אפילו אויף א קדמון א מחמיר נישט געקוקט. קוים איז געגאנגען אין אידיש געלט, פלעגט ער זאָגן: דער קדמון איז געווען רב אין זיין צייט און אין זיין שטאָט, און איך בין מרא דאתרא אין מיין צייט און אין מיין שטאָט.

און דער אייגענער ר' זישעלע האָט געפירט זיין רבנות — די קהלה מיט דייטשן, באלעבאטים, אלערליי כיתות חסידים און באלמעלאָכעס, טאקע ווי א גוטער פאסטוך פירט די שאָף...

פאַר דעם האָבן אלע מורא געהאַט, קיין הויך וואָרט נישט גערעדט!

ער האָט נאָר גענדאַרפט זאָגן: איך מיין אזוי און אזוי:

און עס איז געגוג געווען!

וואָרן, אז נישט,—„וועט ר' זישעלע'ן פאַרדריסן". און ר' זישעלע'ן זאָל נישט פאַרדריסן, וועט דער, וואָס האַלט די פאַכט, נישט הויבן דעם מקח פון פלייש.

ר' זישעלע'ן זאָל נישט פאַרדריסן, וועט דער וואָכערניק נישט פאַרקויפן דעם אביון'ס משכון...

ר' זישעלע'ן זאָל נישט פאַרדריסן, וועט די חברה־קדישא נישט באליידיגן די נושאים, און די חברה נושאים וועלן זיך נישט שטער־לען געגן די גבאים פון חברה־קדישא... עס וועלן זיך אפילו די חסידים קיין באזונדערן שוחט נישט אויפנעמען!

און, ווען אלע ציטערן פאַר ר' זישע'ן, וואָס איז שטיל ווי א טויב, ציטערט ער נישט מער, נאָר פאַר חמץ בפסח!

א גאַנץ יאָר איז כוחא דהיתרא עדיף... כשר און כשר; ביי הפסד מרובה — אודאי כשר!

און פּסח—אַלץ טרפה! טרפה און טרפה; אסור באכילה, אסור בהנאה, מען צעברעכט די כלים—סכנת־נפשות!

און פאַרוואָס שרעקט ער זיך? פאַר דער „משהו" שרעקט ער זיך! א קליינינקייט, זאָגט ער: א משהו! און וואָס קומט! כרת! דער עונש איז: „ונכרתה הנפש ההיא מעדת ישראל!"

און ער זאָגט: בעסער אַלע מדורות פון גיהנום, — דאָס נעם איך אויף מיר, פאַר א אידישן גראָשן,—אַלס כרת, ארויס פון כלל ישראל!

א טיפער ענין!

דאָס איז ערשטנס...

און צווייטנס (רופט מען אים ר' זישעלע), ווייל ער איז געוועזן גאָר קליין געוואַקסיג.

די גרויסע נשמה האָט געשטעקט אין א גוף, וואָס האָט גע־קאָנט שפּאַצירן אונטער'ן טיש!

אַז ר' זישעלע זיצט אויבן־אָן אויף אן אסיפה פון די באַלע־באַטים, זעט מען אים נישט אַרויס; כאָטש א ספּאָדיק האָט ער געטראָגן א הויכן...

אַז א באַלעבאָס פאַרשפּעטיגט זיך, פרעגט ער: שוין דאָ אונזער ר' זישעלע? אומקוקן זיך העלפט נישט.

פאַר דאָס אָבער, אַז ער זעט, אַז עס איז שטיל, אַז דער עולם האַלט די קעפּ אָן א זייט און הערט זיך איין—ווייסט ער שוין, אַז ר' זישעלע איז דאָ.

שמייכלט ער, דער באַלעבאָס, און טראַכט: „עס שיטן זיך שוין פּערל פון ר' זישעלע'ס מויל... דער עולם שווייגט און שלינגט זייגע ווערטער... לעבן זאָל ער, ר' זישעלע!"

דער עיקר האָט זישעלע זיך צוגעלאָזט צו קינדער! ער האָט זייער ליב געהאַט קינדער.

דער יונגער עולם אין בית־המדרש האָט עס געוואוסט, און קוים האָט זיך ר' זישעלע געוויזן אין בית־המדרש אריין, פאַר יום־כפּור־קטן, צי פאַר אן אסיפה, פלעגט חברה אַרומרינגלען פון

אַלע זייטן, מיט אָפּענע גמרות, מיט אַלערליי שאלות, פון דער סוגיא, פון יענער סוגיא, פון א רמב"ם. און ער פלעגט שמייכלען, יעדן ענטפערן מיט א שמייכעלע אויף די ליפּן, מיט שמחה און ליבשאַפט אין די קינדישע אויגן, וואָס ער האָט געהאַט עד יום פּטירתו, און זיין זיס קול'כל, וואָס האָט געקלונגען ווי א זילבערן גלעקל!

נאָר ארויסגעזען פון צווישן דעם קליינעם עולם האָט מען אים נישט!

איינמאָל האָט זיך געטראָפן א מעשה, שעבערשין—דריי מייל פון זאַמושץ — האָט זיך אראָפּגעברענגט א נייעם רב, פון ערגעץ פון דער פרעמד; ער האָט ר' זישעלע'ן פון פּנים נישט געקענט, און באַלד נאָכ'ן ערשטן שבת, נאָך דער ערשטער דרשה, איז ער געקומען קיין זאַמושץ צו ר' זישעלע'ן...

טרעפט ער אים נישט אינדערהיים, גייט ער דערווייל אין בית־המדרש אריין; וואו־דען זאָל גיין א שעבערשינער רב?

זעט ער א רעדל אינגלעך, און איינער אין דער מיט קלינגט מיט'ן קול איבער'ן גאַנצן בית־המדרש און ענטפערט אַלע תוך־כדי־דבור, כלאחר־יד.

גייט ער צו; ווערט ער נבהל ומשתומם, און פרעגט: וואָס איז עם דעם אינגל געשען, וואָס ער איז גרוי געוואָרן ווי א טויב?...

מוסף ראש־השנה פלעגט ר' זישעלע דאַוונען פאַר'ן עמוד אין שול. אין שול פאַר'ן עמוד איז דאָך טיפער, „ממעמקים קראתיך ה'", זעט מען דאָך ר' זישעלע'ן אודאי און אודאי נישט אַרויס... דער עולם וויל דאָך אָבער זען, ווי זיין קליין זיס קעפּל הוידעט זיך, און דער שווערט זיך נאָך, אַז אין די תנועות פון זיין קעפּל, צוזאַמען מיט זיינע זיסע ניגונ'ימלעך, פאַרטייטשן זיי אַלע תפילות... שטייען זיי טאַקע גאַנץ מוסף אויף די נעגל; אַנדערע שפּרינגען אַרויף אויף די בענק.

און א שונא־בצע איז ער געוועזן גאָר אַן אויסטערלישער...

כמעט יעדעס יאָר קומען שלוחים פון די גרעסטע שטעט און בעטן זיך ר' זישעלע זאָל אָננעמען דאָרט דאָס רבנות!

מען וויל ר' זישעלע'ן אָפּנילטן.

ער וויל נישט הערן און געדענקען...

און ער מאַכט זיך א הלצה'לע: איך האָב עמיצן, — זאָגט ער,—חס־ושלום, גע'הרג'עט, איך זאָל דאַרפן זיין גע־ונד? !

בעט זיך ביי אים די שטאָט: רבי זישעלע קרוין, רבי לעבן, לאָזט אייך כאָטש מוסיף זיין אויף די שכירות...

בייזערט ער זיך: וואָס ווילט איר מאַכן פון מיר א פרעסער אויף דער עלטער? זאָט בין איך אַזוי אויך;

און וויפיל נעמט ר' זישעלע שכירות? פופציג פּוילישע גילדן א וואָך!

און קיין רח"ש נעמט ער נישט.

ר' זישעלע זאָגט, אַז ער איז א רב, נישט קיין מקבל! פּסק־געלט גיט ער אַוועק די דיינים.

זיין תורה, — זאָגט ער, — פאַרקויפט ער נישט; אפילו זיין שכל הישר ביי א פשר האָט ער אויך נישט צו פאַרקויפן...

יום־טוב־געלט — פאַרשענקט ער די שמשים.

דאָ זוכט ער שוין קיין תירוץ נישט; גלאַט — אָרימע אידן!

שלח־מנות ווייטער טוישט ער... וואָס ער באַקומט פון רייכע, שיקט ער אָפּ אביונים; פון די אביונים, וואָס ער באַקומט, שיקט ער אָפּ די רייכע. און ער עסט, וואָס די רביצין באַקט...

„אדם רוצה בקב שלו!"

נאָר דאָס אַלץ האָב איך אייך דערציילט אגב אורחא... אַז מען דערמאָנט ר' זישעלע'ן, מוז מען כאָטש א ביסל דערציילן!

דער עיקר איז דער מנהג, וואָס ר' זישעלע האָט געהאַט.

עס פלעגט זיך אים טרעפן ארויסצוציין דער לעצטער פון שטוב און צו פאַרשליסן די טיר. זעענדיג, אַז די טיר איז אַלט, דער שלאָס נישט איינגער, און אַז מיט א ליאַדע קלאַפּ צעברעכט מען בײדע, טראַכט ער, אַז עס איז אים לייכט צו באַ'גנב'ענען, און—

— רוב גבורת ישראל נינחו!—זיפצט ער.

און ר' זישעלע וויל נישט, א איד זאָל, חס־ושלום, נכשל ווערן דורך דעם, וואָס ער פאַרגעסט צו פאַרריכטן די טיר...

וואָס טוט ר' זישעלע?

זאָגט ער:

— רבונו של עולם, זיי דו מיין עדות, אַז איך בין מפקיר, אַז איך צי אוים פון מיין רשות מיין גאַנץ האָב און גאָב, הן מטלטלין פון שטוב, הן באַרעם געלט, וואָס איך וויים, און וואָס איך וויים נישט.

און אַז ער איז צוריק אַהיים געקומען, האָט ער צוריק זוכה געוועזן מן ההפקר!

---

איך האָב מאריך געוועזן ביי ר' זישעלע, זכרונו־לברכה'ן, ווייל איך שוין ביי זיין זון מיט'ן אייניקל מקצר זיין...

ווי אויבן איז געשטאַנען, האָט ר' זישעלע געטאָן מיט ר' יחיאל'ן א שידוך פון לובלין. א צייט לאַנג האָט ר' יחיאל געגעסן קעסט, דערנאָך איז ער געוואָרן א באַלעבאָס פאַר זיך. אַן עושר במזומן איז ער געוועזן, כל ימיו האָט ער זיך מפרנס געוועזן פון פּראָצענט, און איז זיך געזעסן על התורה ועל העבודה, און האָט עוסק געוועזן אין מצוות ומעשים־טובים.

קיין וואָכערניק, פאַרשטייט זיך, איז ער נישט געוועזן...

און איין מידה האָט ער גע'ירש'נט פון פאָטער ר' זישעלע—נישט מבייש זיין קיין שום בן־אדם! און—עניוות!

ר' יחיאל מישט זיך שטאַרק אין קהל־זאַכן, נאָר קיין התמנות נעמט ער בשום אופן נישט אָן; ער איז קיין דאָזאָרצע, קיין גבאי נישט, גאָרנישט!

צדקה הייסט ביי אים נאָר מתן בסתר...

ער גייט ווינטער גאַנץ פרי אין גאַס אריין; זעט ער פויערים פירן האָלץ (פון שטיינקוילן האָט מען נאָך דעמאָלט נישט גע־וואוסט), — קויפט ער א פורל האָלץ, — צוויי־דריי פורלעך האָלץ. און זאָגט דעם פויער, וואו ער זאָל אָפּפירן... ער ווייסט שוין וואו א נעפרוירענער קבצן וואוינט! ער פלעגט פאַר יעדן יום־טוב אָפּ־שיקן נדבות מיט דער פּאָסט — א ספרא־רבה איז ער געוועזן,— נאָר די אַדרעסן פלעגט ער שרייבן מיט דער לינקער האַנט, מען

זאָל זיין כתב־יד נישט דערקענען, ווייל ער פלעגט אַמאָל שרייבן צו גרויסע שררות וועגן אידישע זאַכן...

דערפון האָט זיך געמאַכט א מאמר, אז די נדבות דורך דער פאָסט שיקט א באַהאַלטענער בעל־תשובה, וואָס האָט אודאי עמיצן באַ׳גזל׳ט און קאָן די גזלה נישט אָפּגעבן... ערשט נאָך ר׳ יחיאל׳ס פטירה, איז מען געוואָר געוואָרן, ווער דער „גזלן" איז געוועזן...

און אויסער אין חברה־פּושקעס אריין, פלעגט ער מיד־ליד קיין נדבה נישט צו געבן... אַלץ געבאָרגט, — כשר׳ע הלואה הייסט עס! „ווען גאָט וועט העלפן, וועסטו אָפּגעבן, מיטאַמאָל, ביסלעכווייז; מיר אָדער פאַר מיר אַן אַנדערן נויטבאַדערפטיגן!"...

און איינמאָל האָט זיך פאַסירט אַזאַ מעשה: ר׳ יחיאל קומט אַהיים פון גאַס און טרעפט עמיצן ביי זיך אין שטוב. יענער האָט דערזען און איז געבליבן ווייס ווי א קאַלך.

ר׳ יחיאל קוקט, פון אונטער׳ן פאָלע שטאַרט עפּעס בולט אַרויס.

אין איד׳ס פּנים האָט ר׳ יחיאל דערקענט, אז ער האָט פאַר זיך קיין פּשוט׳ן גנב נישט... ער שטויסט זיך באַלד, אז עס איז אַן עני הגון, אַז ער איז געקומען עפּעס בעטן, און, אַז ער האָט קיינעם נישט געטראָפן, איז ער נישט עומד געוועזן בנסיון, האָט׳ן דער יצר־הרע גובר געוועזן...

גייט ר׳ יחיאל צו אים צו גאַנץ פריינטלעך און זאָגט מיט א שמייכעלע:

— איר האָט אודאי געוואָלט לייען אויף א משכון? ווי־ נאָר דעם משכון...

דעם אָרימאַן קלאַפּט א צאָן אָן א צאָן.

— וואָס איז די חרפה?—פרעגט ר׳ יחיאל געלאַסן: דאָס מזל דרייט זיך ווי א רעדל, געלט איז קיילעכדיג! היינט באָרגט איר ביי מיר, מאָרגן איך ביי׳ן אייך...

און אַזוי ריידנדיג, נעמט ער אים אָפּ פון אונטער דער פאָלע זיין אייגענע פאָר זילבערנע לייכטער!

און ר׳ יחיאל שטעלט זיי געלאַסן אַנידער פאַר זיך אויפ׳ן

טיש. גלייך ער זעט זיי באמת דאָס ערשטע מאָל, און וויל אָפּשאַצן וויפיל ער מעג אויף זיי באָרגן.

דער איד, נעבעך, וויל דערוויייל אנטלויפן, זיינען אים אָבער די פיס ווי צוגעשמידט.

— הכלל, ר׳ קרוב,—פרעגט ר׳ יחיאל, — וויפיל ווילט איר באָרגן?

און דער קאָן, נעבעך, נישט די צונג איבערדרייען.

— איר זענט, ר׳ קרוב, א גרויסער בושת פּנים... נו, וואָס קען מען מאכן? „את פתח לו" שטייט, וועל איך פאר אייך ריידן:

עס גייט צו פּסח,—הערט, צי איך בין מיך נישט טועה—איך בין שטארק מסופּק, צי איר האָט מצות... נו, שאָקלט מיט'ן קאָפּ: יאָ צי ניין!

יענער, נעבעך, שאָקלט אויף ניין.

— וואָס דען! מען דאַרף דערצו קיין נביא נישט זיין! דאָס פּנים אייערס מסר'ט! נאָר — איר האָט אפשר נאָך א טאָכטער צו פאר'קנס'ן? יאָ?

— נו, שאָקלט מיט'ן קאָפּ—יאָ צי ניין?

דעם אָרימען איד האָבן זיך שוין אָבער געעפנט די קוואלן פון די אויגן, ער האָט זיך שטארק צעוויינט.

— נארישער מענטש! — מאכט ר׳ יחיאל, — וואָס וויינט איר? איך האָב דאָך אייך געזאָגט, גלגל חוזר!

דער איד קאָן זיך אָבער נישט איינהאַלטן; ווערט ר׳ יחיאל, מכלומרשט, ברוגז, האָט ער פּאראיבל.

— על־פּי דין,—זאָגט ער,—בין איך אייך, ר׳ קרוב, מחויב צו העלפן; „עזוב תעזוב" שטייט, פארפאַלן! אָבער וואו שטייט עס, איך בעט אייך, אז איך בין מחויב אויסצוהערן אייער געוויין, הא?

דער איד האַלט זיך איין מיט די לעצטע כחות, און ר׳ יחיאל זאָגט ווייטער:

— ווייסט איר וואָס, ר׳ קרוב, איך וועל אייך געבן לויט דעם משכון...

אין מיינע אויגן איז דאָס משכון, עובר לסוחר — אויף פסח —ווערט ק"ן קערבלעך... וועל איך אייך בארגן פינף־און־זיבעציג, —אכציג! צען רובל אויף יום־טוב, זעכציג אויף נדן פאר דער טאָכטער, און נאָך צען—א התחלה אויף חתונה־קליידער, חתונה־הוצאות; די רעשט וועט גאָט העלפן.

און אז גאָט וועט העלפן, — גיט ער צו, ווי זיין מנהג איז געוועזן,—וועט איר באצאָלן... איך בין בטוח, איר וועט באצאָלן!

---

צינד גייען מיר איבער צו ר' זישע'ס איניקל.

איינמאָל, א יומא דפגרא איז עס געוועזן, האָט מיך איציקל מיין תלמיד שטארק געבעטן, איך זאָל מיט'ן גיין באקוקן דעם פאָטער'ס פאבריק. ער וויל מיר ווייזן די טייערע און קונציגע מאשינען...

איך האָב אים נישט געקענט אפזאָגן; א יומא דפגרא איז, גיי איך.

אין פאבריק אריין גייען מיר דורך א שמאָל פעדערהייזל, וואו צוויי מענטשן קענען נישט צוזאמען דורכגיין, נאָר איינער נאָכ'ן אנדערן; פון דאָרט זיינען מיר געקומען אויף א גאנץ גרויסן הויף ארויס, פון הויף ערשט אין פאבריק אריין. אין פאבריק איז נאָך מער רחבות ווי אויפ'ן הויף.

און די פאבריק איז פול מיט ווארשטאטן, און ביי יעדן ווארשטאט שטייט א פועל. דער ווארשטאט ווארפט זיך, און דער פועל ווארפט זיך מיט'ן ווארשטאט, און דער פועל מיט'ן ווארשטאט זעען אויס ווי איין גוף, ווי איין חולה־נופל, וואָס ווארפט זיך, שאָקלט זיך און זעצט...

און וואָס איז די נשמה פון דעם גוף? די פארע! זי רודערט עס מיט אלעם דורך לעדערנע רימען, מיט וועלכע יעדער ווארשטאט איז ארומגענומען...

אויסער דער פארע האָט דאָ קיין גוף קיין אנדערע נשמה נישט, נישט דער ווארשטאט, נישט דער פועל, וואָס טוט נאָך דעם

ווארשטאט; זיי האָבן קיין נשמה נישט, קיין רצון נישט, קיין ידיעה נישט...

אזוי דאכט זיך מיר!

און מיין תלמיד וויל מיר אלץ פארטייטשן, געבן צו פארשטיין, וואס דאָ טוט זיך, וואָס מען אַרבעט, ווי אזוי מען ארבעט; נאָר, —איך הער נישט, איך שרעק מיך פאר די קלאפנדיגע גולמות...

די אויערן ווערן מיר טויב פון גערויש און קלאפעריי...

א ים קולות, א מבול קלעפּ און שלעג... און עס קראצט, און רייבט, און קריצט מיט די ציין...

און א וואונדערלעכע מחשבה פליט דורכ'ן מוח:

און ווען עס קומען אהער, אין דעם גיהנום אריין, די גרעסטע נביאים... ישעיה, ירמיה... און ווען משה רבינו אליין, — ווען זיי עפענען די מיילער, און — זיי ווילן ריידן — צי וואָלטן זיי איבערגעשריען דאָס גיהנום? צי וואָלט זיי עמיצער פון די געפיינינטע נשמות געהערט?

ניין, זיכער נישט! טראכט איך און לויף ארויס, באַגאָסן מיט קאלטן שווייס פאר שרעק!

און מיר גייען ווייטער דורכ'ן שמאָלן פעדערצימער, און איך מיט יצחק'ן קאָנען צוזאמען נישט דורכגיין...

— נאָך וואָס איז דאָ אזוי ענג?—פרעג איך.

— דאָ רעווידירט מען די ארבעטער,—ענטפערט יצחק'ל— איינעם נאָכ'ן צווייטן רעווידירט מען...

— נאָך וואָס?

— מען גנב'עט פון פאבריק... כלים... סחורה...

— גנבים זיינען זיי, גנבים?

— נישט אלע, חס-ושלום! נאָר אויף טייל פאלט א חשד!...

— און אז אויף א טייל פאלט א חשד, רעווידירט מען אַלע?

— דער טאטע זאָגט, אז מען קאָן נישט מבייש זיין, רעווידירט מען אפילו די מייסטער אליין...

---

אויך „שלא לבייש”, נאָר אויף א גאנץ אנדערן נוסח!

ג.

# די קלה

און ערגעץ אין א גרויסער שטאָט איז געווען א גרויסע גבירה.

און די גבירה איז געווען א מיוחסת, הן פון איר צד, הן פון מאַן, פון גביר'ס צד.

א גרויסע יפת־תואר איז זי אויך געווען, האָט זי זיך גרויס געהאַלטן, ווי מען זאָגט, געבלאָזן פון זיך, און מיט די רעשט ווייבער פון שטאָט קיין מגע ומשא נישט געהאַט.

זי פלעגט אין ערגעץ אפילו אויף קיין שמחה נישט גיין, און ביי איר איז נאָך קיין שמחה נישט געווען, ווייל זי האָט, כאָטש עטלעכע יאָר נאָך דער חתונה, נאָך קיין קינדער נישט געהאַט.

און דעריבער, אַז דער מאַן, א לייפּסקער סוחר, איז אַרויס־געפאָרן פון דער היים, איז די גבירה אַרומגעגאַנגען איינע אַליין אין אירע גרויסע און רייכע שטובן, און האָט נישט געוואוסט, וואָס מיט זיך צו טאָן.

לייענען צאינה־וראינה, קב־הישר, צי אַנדערע מוסר־ספרים אויף עברי־טייטש, האָט זיך איר נישט געגלוסט; פּיאַנע פלעגט מען נאָך אין אידישע הייזער נישט שפּילן, קיין מעשה־ביכלעך פאַר ווייבער איז נאָך דעמאָלט נישט געווען; דעם משרת מיט די צוויי דינסטן, וואָס זי האָט געהאַט, פלעגט זי האַלטן פון זיך ווייט; אומגערופן האָט קיינער געטאָרט צוקומען, — פלעגט זי שטיין גאַנצע טעג ביים צירונג־קעסטל, שפּילן זיך מיט די אַלערליי גאָלדענע און בריליאַנטענע זאַכן, וואָס זי האָט געהאַט, קוקן ווי די פלעמלעך גיסן זיך איבער אין די טייערע שטיינער; אָנמעסטן און אויסטאָן, אויסטאָן און אָנמעסטן, אבי, ווי עס איז, די צייט צו פאַרטרייבן.

אַז איר איז דאָס נמאס געוואָרן, פלעגט זי צוגיין צו דער קליידער־שאַנק און איבערוואַרפן אַלע זיידענע, אַטלעסענע און סאַמעטענע קליידער, וואָס זי האָט געהאַט.

און אזוי פלעגט זי אפלעבן די צייט און אפוואַרטן ביז דער מאַן וועט צוריקקומען פון לייפּסק.

איינמאָל האָט זיך אָבער דער מאַן לענגער פאַרזאַמט און, ווען ער האָט געדאַרפט, לויט אַלע יאָר, אַרויספאָרן, האָט ער ערשט געשיקט א בריוו: היות די עסקים וועלן אים לענגער פאַרהאַלטן... מיט גאָט'ס הילף וועט ער אפילו מאַכן גרויסע און גוטע געשעפטן, נאָר זיין עגמת־נפש איז גרויס, וואָס ער קען אפילו נישט מגביל זיין די צייט פון אַרויספאָרן.

און ווייל ער רעכנט, אַז זי האָט אויך אודאי עגמת־נפש דער־פון, ווייל ער, — שרייבט ער — זי משמח זיין א ביסל, שיקט ער איר גאַרנאַסטאַיען אויף א פוטער, טייערע גאַרנאַסטאַיען צו 15 רענדלעך א שטיק...

אין עטלעכע טעג אַרום, אַז די גבירה האָט באַקומען די גאַר־נאַסטאַיען, האָט זי זיך גענומען צום מאַכן דאָס פוטער.

ערשטנס, זיינען איר די פעלכלעך זייער געפעלן; צווייטנס, וועט זי האָבן מיט וואָס זיך צו פאַרנעמען, נישט משוגע צו ווערן איבער דער צייט.

אהיים־געבן א באַלמעלאָכע די פעלכלעך, האָט זי מורא, מען זאָל זי נישט באַ'גנב'ענען, שיקט זי נאָך א שניידער, ער זאָל אויפנייען דאָס פוטער ביי איר אין שטוב; זי אַליין וועט זיצן ביי דער אַרבעט.

און דער שניידער, וואָס די גבירה האָט געלאָזט רופן, איז געווען א וואוילער יונג, ווי עס טרעפט זיך צווישן שניידער.

א מאַנספאַרשוין — א פאַרטרעט, א מויל — ווי אויף שרויפן, און א בריה, — די נאָדל פלעגט אים פליען אין דער האַנט, און דערביי, אויב ער האָט נישט גערעדט, פלעגט ער זינגען ווי א קאַנאַריק.

און עס איז געקומען דערצו, אַז עס האָט זיך געמאַכט א שמועס צווישן דער גבירה מיט'ן חייט.

און דער שניידער דערציילט איר פון זיינע קינדערשע יאָרן:

אַז ער איז נאָך פרי א יתום געבליבן, אָן א טאַטן און אָן א מאַמען, רחמנא לצלן; אַז די אָרימע קרובים זיינע, וואָס האָבן

אים נישט געקענט מפרנס זיין און צאָלן פאַר'ן חדר־געלט, האָבן אים אָפּגעגעבן צו'ן א שניידער...

און דער שניידער האָט אים זייער שלעכט באַהאַנדלט...

עבודת־פרך האָט ער געאַרבעט, נאָר נישט ביי דער מלאכה... האָלץ פלעגט ער האַקן, וואַסער טראָגן...

און מכות אכזריות פלעגט מען אים שלאָגן... דער באַלעבאָס, די באַלעבאָסטע, די עלטערע פועלים...

הונגער האָט ער אויך געליטן...

און וואָס איז ער נישט אויסגעשטאַנען?

זומער און ווינטער פלעגט ער ארומגיין נאַקעט און באָרוועס.

אין די גרעסטע פרעסט פלעגט ער שלאָפן אויף דער גאָלער ערד, אונטערגעלייגט די פויסט! ער האָט אפילו נישט געהאַט קיין מלבוש מיט וואָס זיך צוצודעקן, וכדומה...

און די גבירה, אויף וועלכער מען האָט געזאָגט, אז זי האָט א שטיינערן האַרץ, האָט רחמנות געקראָגן אויפ'ן יתום, און פרעגט דעם שניידער נאָר מיט אן אַנדער קול, ווי אזוי ער האָט דאָס אַלץ געקענט אויסהאַלטן?

און דער שניידער זאָגט איר, אז ער ווייסט אַליין נישט! אז ער איז טאַקע שטאַרקער געווען פון אייזן, אז ער האָט עס אויסגעהאַלטן!

נאָר א מוטער האָט ער געהאַט א צדקה'ס: אפשר איז אים איר זכות ביי געשטאַנען...

דעם פאָטער האָט ער נישט געקענט!

נאָר וואָס מער וואונדער, ביי אַלע צרות און יסורים, וואָס ער האָט אויסגעליטן, איז ער תמיד געווען פריילעך און לוסטיג; מען שלאָגט אים אומזיסט, שטעלט ער זיך אוועק אין א ווינקעלע און וויינט, נאָר איידער די טרערן ווערן טרוקן—ער זינגט שוין.

וואָרן זינגען האָט ער ליב געהאַט דאָס לעבן! עס האָט זיך אים תמיד געוואָלט זינגען, אזוי זינגען, ווי דאָס פייגעלע, וואָס פליט אין דער לופטן, און האָט איבער זיך קיין אויבערהאַר נישט! דעריבער האָט מען אים טאַקע גערופן משה פויגל! „משה" האָט ער געהייסן.

און דער שניידער דערציילט איר ווייטער, אז ער האָט געקענט אויסנווייניג אַלע חזנ'ישע זאכן; אפילו פון פרעמדע חזנים, וואָס פלעגן קומען דאווענען אויף בילעטן! דורך די פענצטער פלעגט ער זיך אריינ'גנב'ענען און הערן...

קומט מען צופאָרן מיט א קאטערינקע, גנב'עט ער זיך שוין ארויס, און לויפט איר נאָך פון הויז צו הויז, פון גאס צו גאס, ביז ער נעמט איבער אַלע ניגונים!... גאַנצע נעכט פלעגט ער שטיין אונטער'ן פענצטער פון א חתונה, אויב עס האָבן פרעמדע כלי־זמרים געשפּילט, צו מאָרגנס האָט ער שוין אַלץ איבערגעזונגען... אפילו דער פידל'ס שטייגער צו דער חופה!

„ויהי ערב—ויהי בוקר”,—דער שניידער דערציילט, די גבירה פרעגט איבער: און טיילמאָל, אז זי פרעגט נישט, זינגט ער אין דער שטיל; הערט זי ווי ער זינגט.

---

אויף מאָרגן האָט דער שניידער דערציילט, אז די שמחה, דאָס באשטענדיגע פריילעך זיין, איז אים טאקע בייגעשטאנען.

אביסל איז עס געווען מעשה נסים.

דער מייסטער, דער באַלעבאָס זיינער, איז פּלוצים קראַנק געוואָרן, ער האָט געפילט, אז לאַנג לעבן וועט ער שוין נישט, די דאָקטוירים האָבן אים אויך שוין געלאָזט אויף גאָט'ס באראָט...

האָט ער דער עיקר גרויס צער געהאַט דערפון, וואָס ער גייט פון דער וועלט אָן א קדיש, און לאָזט איבער א ווייב אן אלמנה און א טאָכטער א יתומה; וואָרן ער האָט קיין בן־זכר נישט געהאַט, וואָס זאָל קדיש זאָגן און איבערנעמען די מלאכה...

האָבן אים קרובים, שכנים און גוטע פריינט אן עצה געגעבן, ער זאָל די טאָכטער זיינע, — אסתר'ל האָט זי געהייסן — תיכף חתונה מאכן מיט א פּועל, וועט דער איידים מפרנס זיין די טאָכטער מיט דער אלמנה און קדיש זאָגן במקום א זון.

באשטייט ער.

זאָגט אָבער אסתר'ל: אז זי וויל מיך; משה פויגל וויל זי.

זאָגט מען איר, אז איך בין קוים אַלט אכצן יאָר.

זאָגט זי, אז זי האָט נאָר זיבעצן, איז עס א גלייכער שידוך!

זאָגט מען איר ווייטער, אז איך קען נישט די מלאכה, איך בין קיין פּרנסה־געבער.

זאָגט זי, אז איך וועל מיך אויסלערנען; אז אויב איך קען נאָך נישט, איז עס נישט מיין שולד! אז משה פויגל איז קיין פויגל נישט, און מסוגל צו דער מלאכה איז ער, נאָר מען האָט אים נישט געלערנט!

דער פאָטער בעט זיך ביי איר, די מוטער וויל שלאָגן.

די בת־יחידה אָבער האַלט זיך שטאַל און אייזן: אָדער משה פויגל אָדער גאָרנישט!

— נו, און דו האָסט זי געוואָלט?—פרעגט די גבירה מיט א צופרידענעם שמייכל.

— א שאלה א ביסל!—שמייכלט דער שניידער,—מיין אסתר איז דאָך שיין ווי אסתר המלכה, און אזוי גוט ווי אסתר המלכה! — —

און וואָס האָבן זיי געקאָנט טאָן? דער חולה איז מסוכן און ער וויל זיך באין־אופן נישט שיידן פון דער וועלט, אָן אן איי־דים; קוועלט ער זיך נעבעך אזוי לאַנג, ביז ער מוז באשטיין!

האָט מען א חופה געשטעלט!

און דעם צווייטן טאָג בין איך אויפגעשטאַנען א מייסטער, און האָב באקומען שליטה איבער די, וואָס פלעגן מיך קוועלן אָן רחמנות...

און, אז די גבירה פרעגט, צי ער באצאָלט זיי אצינד מיט פּראָצענט?—ענטפערט ער: — חס־ושלום!... ער גלויבט, אז א מענטש איז נאָר דעמאָלט אן אכזר, ווען עס איז אים נאָר ביטער אויפ'ן האַרץ! „זיי האָבן געליטן, האָבן זיי צו מיר אויסגעלאָזט דעם כעס... איך בין דאָך דער שוואַכסטער געווען... אָבער איך?

געלויבט איז השם־יתברך, מיין האַרץ איז נישט פאַרביטערט... טרעפט זיך אמאָל אן עגמת־נפש, זינגט מען..."

די גבירה פרעגט, צי זיין אסתר׳ל זינגט אויך?

— מיין אסתר המלכה זינגט, נאָר נישט אויף א קול!

די גבירה פאַרשטייט נישט און משה פויגל זאָגט, אז ער אליין פאַרשטייט אויך נישט!

נאָר איזן איז אזוי! און אויב ער פלעגט אמאָל נאָכזינגען כלי־זמרים, אָדער חזנים, זינגט ער היינט אסתר׳לס ניגונים...

ערשט ציינד איז אים איינגעפאלן, אז עס איז אזוי!

„אז איך קוק איר אין די אויגן אריין, זינגט זיך! איז א סימן, אז דאָרט שטעקט ער, דער ניגון!"

די גבירה ציט ווייטער מיט די אַקסל און משה פויגל זאָגט נאָכאמאָל, אז ער פאַרשטייט אליין אויך נישט, נאָר עס איז אזוי!

— אזוי איז עס! — זאָגט ער און הויבט זיך אויף.

ער האָט די אַרבעט געענדיגט; די גבירה האָט אים באַצאָלט, און ער איז אַוועקגעגאַנגען...

---

און די גבירה איז ווייטער אליין געבליבן... זי האָט ווייטער נישט געוואוסט, וואָס מיט זיך צו טאָן; עס האָבן זי שוין אפילו די קליידער מיט׳ן צירונג נישט פאַרנומען... אויסער ביים אָנ־מעסטן, האָט זי נאָך דעם מאַנ׳ס מתנה, דעם טייערן פעלץ אויפ׳ן לייב נישט געהאַט!

דערמאָנט זי זיך פלוצים, אז זי האָט מלבושים איבערצומאַכן... און שיקט נאָך משה פויגל.

און עס מאַכט זיך ווייטער א שמועס.

די גבירה וויל וויסן, ווי משה פויגל לעבט מיט זיין „אסתר המלכה", און דער שניידער דערציילט:

— השם־יתברך, זאָל געבן אויף לאַנגע יאָר, — זאָגט ער,— עס זאָל אונז נאָר קיין בייז אויג נישט שאַדן!...

מיר לעבן זיך ווי די טויבן...

נישט שטענדיג באָדט מען זיך אין מילך און אין פוטער... אינמיטן דער וואָך פעלט אמאָל א שטיקל פלייש, נאָר וואָס מאַכט

עס אוים?... נישט דאָס איז דער עיקר... אבי דער מענטש איז נאָר צופרידן, די נשמה הייסט עס!

די גבירה הויבט אָן חוקר־ודורש זיין; וואָס זיי טוען? — פרעגט זי...

— וואָס זאָלן מיר טאָן? — איך טו מיר מיין ארבעט... איך ניי און שטעפּ, און זי איז באַלעבאָסטע: קערט, קאָכט און וואַשט, א דאגה! איך אַרבעט און זי אַרבעט; איך זינג און זי הערט זיך צו פונדערווייטנס, פון איר ווינקעלע. האָט זי צייט, קומט זי צו מיר צו, זעצט זיך ביים טיש...

א קליין חנ'עוודיג קעפּל האָט זי, שפּאַרט זי עס אָן אויף דער האַנט...

אויגן האָט זי גרויסע, קוקט זי אויף מיר...

טו איך איר להכעיס, און קוק איר אין די אויגן אריין, ווערט זי רויטלעך, און מיר ווערט פריילעך, אז עס הויבט זיך אָן צו זינגען... זינגט זי! עס לעבט זיך נישקשה! בפרט אצינד... וואָס „אצינד"?

— אָ! דער „אצינד" איז א גרויסע זאַך, — ענטפערט דער שניידער, — א ניי פייגעלע קומט אויף דער וועלט... משה פויגל'ס א פייגעלע וועט קומען! אסתר המלכה'ס פייגעלע...

---

משה פויגל האָט נאָך נישט געענדיגט די ארבעט ביי דער גבירה און אסתר המלכה ריכט זיך אין בעט אריין...

משה פויגל לאָזט איבער די באָבע אין שטוב און נייט צו דער אַרבעט; ער זאָגט צו, באַלד צוריק צו קומען...

און קומט נישט אזוי געשווינד!

אסתר האָט דערווייל ווייען באַקומען, און משה פויגל זיצט נאָך אַלץ ביי דער אַרבעט, און דערציילט, ווי גוט אסתר'ל איז, ווי שיין זי איז, ווי צוגעבונדן ער איז צו'ן איר...

די גבירה לאָזט אים נישט אוועקגיין; דאָס קלייד דאַרף זי נויטיג...

ער אַרבעט ווייטער.

די גבירה באַצאָלט ווי אַן אמת'ע שררה! פאַר געלט קריגט מען גוטע זאַכן, און „אסתר המלכה" וועט דאַרפן גוטע זאַכן... דער קליינער פויגל וועט אויך דאַרפן!

און אַ ברית וועט זיין אַ קנאַקנדיגער!

אַרבעט ער געשווינד, און זינגט, און דערציילט...

און, אַז די ווייען האָבן זיך געשטאַרקט, און אסתר המלכה האָט געשיקט אַ שכנה נאָך משה פויגל, איז די שכנה צוריקגעקומען מיט אַ תשובה, אַז זי האָט משה פויגל נישט געזען; אַרויסגעקומען איז די גבירה... זי האָט איר אַליין געעפנט און געזאָגט, אַז זי וועט אים שוין שיקן!

און אַז די ווייען זיינען נאָך שטאַרקער געוואָרן, איז אַן אַנדערע שכנה געגאַנגען, שוין אַן עלטערע אידענע, וואָס האָט שוין געזאָלט „אָננעמען משה פויגל ביי די פאות און אהיים שלעפּן ווי אַ פגר". נאָר זי האָט אויך נישט די העזה געהאַט געגן דער גבירה, און איז אויך צוריקגעקומען מיט דער בשורה, אַז זי וועט אים באַלד שיקן...

— זי האָט מיך,—פאַרענטפערט זיך זיך,—איבער דער שוועל נישט געלאָזט!

און אַז די באָבע האָט געזאָגט, אַז אסתר'ל איז אין אַ גרויסער סכנה, אַז, אויב, השם־יתברך, וועט זיך, חס־ושלום, נישט מרחם זיין, ווייסט זי נישט, וואָס דער סוף קען זיין...

האָט די יולדת פאַר גרויס צער אַ געשריי געטאָן:

— רבונו של עולם! אויב עס איז אויף מיר נגזר געוואָרן פון הימל, אַז איך זאָל אַזוי פרי אַוועקגיין פון דער וועלט און מיין איינגן קינד נישט זען, לאָז מיך כאָטש נאָכאַמאָל זען מיין משה פויגל!

און די דריטע שכנה איז געלאָפן, און איז צוריקגעקומען, און געזאָגט: אַז באַלד קומט ער, ער ענדיגט שוין דאָס קלייד! אַזוי האָט די גבירה געזאָגט...

און די גבירה האָט באמת נישט געוואוסט, אַז עס איז סכנות נפשות, זי האָט גאָרנישט געלאָזט [illegible]ו זיך ריידן...

— וואָס טוען זיי דאָרט?—האָט די יולדת מיט די לעצטע כוחות געשריען.

און די שכנה איז מודה, אַז זי איז געשטאַנען א ווײַלע הינ־טער דער טיר און האָט געהערט, ווי משה פויגל דערציילט עפּעס, זאָגט וואָס אמאָל: אסתר המלכה, מיין אסתר המלכה און זי, די גבירה לאַכט...

און אסתר'ל האָט אויסגערופן:

— רבונו של עולם, זאָל זי שוין לאַכן ביז'ן טויט אַריין; אין קבר זאָל זי לאַכן!

און זי איז אַוועקגעקומען...

---

דאָס איז געווען א קללה פון א שכיב־מרע!
און זי איז מקוים געוואָרן, די קללה!
די גבירה האָט שוין נישט אויפגעהערט צו לאַכן!
א צופרידענער שמייכל איז איר ווי צוגעקלעפּט געוואָרן צום פּנים. און, עפּנט זי דאָס מויל, לאַכט זי!
זי שמייכלט ביים גרעסטן צער, ביי די גרעסטע יסורים; דאָס האַרץ ברעכט און זי לאַכט!

זי שמייכלט, ווען זי בעט אויף זיך דעם טויט; זי לאַכט! ווי ווען דער מלאך המות וואָלט פאַר איר א מלאך־הגואל געווען.

עס קומט אַריין דער משרת, ער שטעלט זיך פון ווייטן און ווייזט איר, ער האָט א בריוו, אודאי פון מאַן.

שטייט ער און וואַרט, זי זאָל אים געבן א צייכן, אַז ער זאָל איר דערלאַנגען דעם בריוו; דערזעט ער, אַז זי איז עפּעס היינט פריינדלעכער, ווי אַלע מאָל, אַז זי שמייכלט!...

גלויבט ער זיינע אויגן נישט, עפּנט זי דאָס מויל, און לאַכט.

זי וויל אים זאָגן, ער זאָל דערלאַנגען דעם בריוו און—לאַכט...

דער משרת איז געווען בטבע אַן אויסגעלאַסענער, א באַהאַל־טענער רשע, קוקט ער אויף איר שוין גאָר אַנדערש.

זי שמייכלט ווייטער...

זי וויל זיך בייזערן, עפנט ווייטער דאָס מויל און—לאַכט!

— וואָס איז מיט איר געוואָרן, מיט דער מיוחסת?

ער קען עס גאָר נישט פאַרשטיין. קלערט ער, ווי אים טויג זיך. גייט ער נעענטער צו,—זי שמייכלט!

מיינט ער, דער רשע, אַז ער האָט ביי איר פּלוצלונג נושא חן געווען, גייט ער צו נאָך נענטער!

נעמט ער זי אָן ביי א האַנט! זי שמייכלט! קושט ער די האַנט,—און לאַכט!

מער דאַרף ער נישט, דער אויסגעלאַסענער משרת! פאַרגעסט ער אָן בריוו, וואָס דער באַלעבאָס האָט געשיקט פון וועג, אַז ער קען אָנקומען באַלד נאָכ'ן בריוו,—און נעמט זי אַרום...

זי שמייכלט, זי לאַכט!

קומט טאַקע אָן דער באַלעבאָס, זעט ער וואָס עס טוט זיך, און נעמט זי אָן און—וואַרפט זי אַרויס...

זי לאַכט!

עס איז ווינטער; א קעלט, א שניי, זי גייט אַרום און שמייכעלט...

מען לויפט איר נאָך, מען לויפט אויף איר וואונדער און זי לאַכט; זי שמייכלט און לאַכט...

---

און אַזוי טרייבט זי זיך, לאַכנדיג, אַרום אין די גאַסן—

זי בעטלט און לאַכט.

מען וואַרפט איר נאָך שטיינער, שלעכטע מענטשן פייניגן זי, זי שמייכלט און לאַכט...

זי גייט איבער פון איין האַנט צו דער צווייטער, פון איין רשע צום צווייטן, מיט'ן פאַרגליווערטן שמייכעלע אויפ'ן פּנים, מיט'ן קלינגענדיגן געלעכטערל אין מויל!

זי פאַלט ביז אויף דער נידעריגסטער מדרגה — און אַלץ מיט א שמייכל אויפ'ן פּנים, מיט א געלעכטער אין מויל!

און אזוי האָט זי געשמייכלט און געלאַכט, ביז צום טויט, און —נאָכ'ן טויט!

זי גוסס'ט און לאַכט, די נשמה רייסט זיך איר פון גוף ארויס און דאָס פּנים לאַכט...

און דאָס פּנים לאַכט אפילו אין קבר!...

די עטלעכע נושאים, וואָס האָבן זי אריינגעלאָזט אין קבר אריין, האָבן מיט טויט־שרעק דעם קבר פאַרשאָטן. און געאיילט זיך, זיי זאָלן שוין דעם ווייסטן שמייכל נישט זען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואָרנט אייך יוחנן מלמד: היט אייך פאַר א קללה, בפרט, פון א שכיב מרע!...

---

ד.

## דער עונש

אָמר—האָט געזאָגט—יוחנן המלמד.

האָט יוחנן דעם מלמד געזאָגט:

דער רבונו של עולם האָט באַשאַפן א וועלט, און אַלעם אויף דער וועלט זיין באַזונדער פּרצוף־פּנים געגעבן. נישטאָ קיין צוויי גלייכע ביימער, קיין צוויי גלייכע בלעטלעך; קיין צוויי גלייכע מענטשן אודאי און אודאי נישט. און אזוי אין חצוניות, ווי אין תיך אריין, נישט פאַראַן קיין צוויי גלייכע נשמות.

און יעדער פּרצוף־פּנים דאַרף אויסלעבן זיין וועלט, ווי גאָט, זיין ליבער נאָמען, האָט אים באַשאַפן, און נישט אראָפּגיין פון זיין אייגענעם דרך הישר, וואָס דאַרף אים פירן פון דער וויג ביז צו קבר אָבות.

פאַרלייקענען זיין אייגענעם פּרצוף־פּנים און פאַרשטעלן זיך פאַר אן אנדערן; נאָכטאָן, נאָכקרימען אן אנדערן איז א מדה

מגונה, א מיאוס׳ע מדה, ועונשה בצדה — יעדע מדה מגונה ווערט באשטראפט.

מאכט נאך א ישראל (צוליב פרנסה, כבוד, אדער ווייס איך וואס) אן אינו־ישראל, זעען מיר באשיינפערלעך, אז סופו—דאס ער אליין, אדער זיינע בנים, און ביי גאר גרויס ארך אפים — זיינע בני־בנים, גייען אוועק אינגאנצן... גאר אינגאנצן... לרעות בשדה אחר, צו פיטערן זיך אין א פרעמד פעלד!

און אז א איד וויל גאר זאמלען נדבות און פארשטעלט זיך, כדי צו דערוועקן רחמנות, פאר א בעל־מום: פאר א הויקער, א בלינדן, א שטומען, צי א לאמען, — גייט ער נישט אוועק פון דער וועלט, ווי אין די ספרים הקדושים שטייט, ביז ער באקומט נישט דעם מום, וואס ער האט נאכגעמאכט. ביז ער ווערט נישט, נישט פאר אייך און נישט פאר קיין שום איד געדאכט, א הויקער, א בלינדער, א שטומער... וכדומה...

א כיבע, ער האט אויף זיך אן אנדערן, א גרעסערן חטא, און ער ווערט חיב מיתה, און גייט אוועק פון דער וועלט פאר דער צייט און פאר׳ן עונש...

ווי איז אבער דער דין, ווען עמיץ מאכט נאך און פארשטעלט זיך, אויסצונארן כבוד אדער געלט, פאר א גרעסערן פון זיך: פאר א למדן א גרויסן, פאר א צדיק אדער גדול הדור?

נעמט, האב איך בקבלה, ער ביי יענעם איבער יענעמ׳ס רע־מזל; וואס יענעם איז באשערט פאר א שלעכטס...

און אין אדם בארץ... מלאכים, וואס שוועבן ארום כסא־הכבוד, זינדיגן, בפרט א בשר ודם.

און וועגן דעם וויל איך אייך פארציילן א מעשה.

א מעשה בשני אחים. א פארצייטישע. ווען קרוין־פוילן איז נאך גאנץ געווען, און די ממשלה איז געווען ביי די גרויסע שררות אין די הענט...

און די צוויי ברידער זיינען געווען ברידער פון איין טאטע־מאמע; צווילינג־ברידער.

מאכט מען דאך אבער פון איין שטיק האלץ א לאפעטע און

אן עץ־חיים; זיינען זיי געווען אין חיצוניות ענלעך, ווי איין טראָפּן וואַסער צום צווייטן: צוויי געוויקסיגע אידן, לאַנגע, ווייסע בערד—קוים צו דערקענען...

און איינער פון די צוויי איז געווען רב און ראש־ישיבה, געשריבן א ספר „שער הברזל״, וכשמו כן הוא: אזוי האָט דער ספר געהייסן, אזוי האָט מען אים גערופן! אן אייזערנער איד! א איד, ווי א בוים, וואָס איז געפּלאַנצט ביי א וואַסער, ואין מים, ווייסט איר דאָך, אלא תורה. די תורה איז געגליכן צו וואַסער, פון דאַנען האָט ער געהאַט זיין יניקה, און דערצו — מצוות און מעשים טובים. ושרשיו — און זיינע וואָרצלען זיינען געווען מרובין מענפיו, מער ווי די צווייגן, ווי אין פּרקי אבות שטייט. איז ער טאַקע געווען א גרויסער איד און א פעסטער איד, וואָס אלע ווינטן פון דער וועלט וועלן אים נישט אוועקרירן פון אָרט.

מאַכט זיך א מעשה און א סוחר פון שטאָט האָט א זון א גרויסן בן־תורה, און דעם „שער הברזל׳ס״ ברודער איז א שדכן, רעדט ער דעם סוחר א שידוך מיט׳ן שררה׳ס פּאַכטער, וואָס האָט א בתולה. דער פּאַכטער איז א רייכער, די רעכטע האַנט ביים שררה. גיט ער א גרויסן נדן... שרייבט מען תנאים, ברעכט מען כלים—מזל טוב, מזל טוב!

גייט נישט אוועק א חודש, ווערט דער סוחר געוואָר, אז צום פּאַכטער אין שטוב גייען אריין יונגע פּריצים פון הויף, אז מען איז זיך ביי אים אין שטוב משמח, אז זיין טאָכטער, דאָס כלה־מיידל, דערלאַנגט צום טיש, רעדט מיט פּריצים, לאַכט זיי אנטקעגן וכדומה. וויל דער סוחר דעם שידוך אָפּלאָזן.

פאַרלאַנגט דער פּאַכטער חצי נדן קנס, ווערט א דין־תורה, זעצט מען א בית־דין. דער ראש־בית־דין איז דער „שער הברזל״! פאַרשטייט זיך.

געדויערט אזא דין־תורה... גבית־עדות, טענות, א טאָג נאָך א טאָג... עס קומט אלץ ארויס, ווי בוימל אויפ׳ן וואַסער, ודי בזיון וקצף — א חרפּה פאַר׳ן פּאַכטער. גייט ער און פאַרקלאָגט זיך פאַר׳ן שררה. זאָגט דער שררה: גוט, ער וועט זען.

צו מאָרגנס, מען האָט אויסגעהערט דעם לעצטן עד, די לעצטע טענה, דאָס בית־דין האָט שוין געהאַט א ישוב, דער פּסק איז שוין אויפגעשריבן, דער ראש בית־דין, דער „שער הברזל”, שטרעקט אויס די האַנט צו דער גענזענער פען אין טינטפאַס און וויל אונטערשרייבן—

פּלוצלונג דערהערט זיך א רייטער פון גאַס. מען גיט א קוק דורכ׳ן פענצטער: עס טרייבט דעם שררה׳ס לייב־קאָזאַקל, ווי א רוח. דער עולם ווערט נבהל ונשתומם, דער פאַכטער גיט א שמייכל און טראָגט זיך בגנבה אָפּ, און דאָס קאָזאַקל איז שוין אראָפּ פון פערד און אריין אין בית־דין־שטוב מיט א קול:

דער שררה לאָזט זאָגן, אז די האַנט, וואָס וועט אונטערשרייבן א פּסק געגן פאַכטער, וועט ווערן אָפּגעהאַקט.

כאַפּט אָן דעם עולם א שרעק, בלייבן אַלע פאַרציטערט, דער „שער הברזל” אָבער זאָגט:

— בעסער זאָל אָפּגעהאַקט ווערן ביי׳ן איד א האַנט, איידער עס זאָל, חס ושלום, אויסגעמעקט ווערן איין אות פון דער תורה הקדושה...

וואָס האָט ער יאָ געטאָן?

ער האָט אונטערגעשריבן מיט דער לינקער האַנט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דערוויילי האָט מען די לינקע האַנט אויך נישט אָפּגעהאַקט.

דאָס קאָזאַקל איז געריטן אין שטאָט אריין, און צום שררה איז אָנגעקומען א שליח מיוחד מיט א ידיעה, אז א שונא איז באַפאַלן די גרעניץ, און אז אַלע פּריצים און שררות גייען אהין מיט זייער חייל מלחמה צו האַלטן...

תוך כדי דבור, איז שוין געבלאָזן טראָמפּייט, די קאָזאַקלעך— פאַרזאַמלט ביי די פערד, דער שררה—געגורט די לענדן; א שפּרונג ארויף און מען גאַלאָפּירט שוין צו דער גרעניץ...

בשעת מעשה אָבער, ווען דעם פּריץ׳ס קאָזאַקל האָט געטאָן זיין שליחות פון הויף, האָט זיך נאָך עמיץ ארויסגעשלייכט פון שטוב. דאָס איז געווען דעם שער הברזל׳ס ברודער—שלמה האָט ער געהייסן...

דער שלמה איז אין תוך אריין געוועזן דער היפוך פון „שער הברזל". א מענטש אָן א וואָרט, א נאָכמאַכער, אן אָפּנאַרער, ער האָט שוין אויסגעדינט כל עבודה זרה'ס שבעולם און צו גאָרנישט געקומען. דער ברודער העלפט, קהל העלפט, און עס העלפט נישט. מאַכט מען אים פאַר א סרסור, נאַרט ער אָפּביידע צדדים. מאַכט מען אים פאַר א שליח און מען שיקט מיט אים געלט, האָט ער שוין אזא מזל: גנבים באַפאַלן אים; אזוי זאָגט ער, און איז מקבל קנין...

איז ער צולעצט א שדכן געוואָרן און געוואָלט פאַרשלייערן דעם פאַכטער'ס טאָכטער. און ווי ער האָט געזען, אז די זאַך שטייט שלעכט, אז דער פאַכטער וועט צוריק מאָנען מיט דער יד דאָס שדכנות, און די בושה, וואָס עס וועט זיין... און געוואָלט זיך לאָזן אויף דער וועלט האָט ער שוין לאַנג, איז ער זיך מישב און גייט אַרויס נאָכ'ן פאַכטער. הענגט אין פעדערהייזל דעם שער הברזל'ס שטריימל מיט'ן טיזליק, נעמט ער צו, לאָזט זיך אהיים. ביינאַכט טוט ער זיך איבער און גייט אזוי אין דער וועלט אריין זאַמלען נדבות.

דער „שער הברזל" און די שטאָט הויבן נישט אָן צו וויסן פון קיין פתרון, פון קיין חלום...

מען האָט אוועקגע'גנב'עט דעם שער הברזל'ס שטריימל מיט'ן טיזליק; שלמה דער ברודער איז ערגעץ נעלם געוואָרן, — ווער שטעלט זיך אָפּ דערויף? וועמען ליגט עס אין זין? דעם שער הברזל וועט מען, אז דער פריץ וועט קומען, אָפּהאַקן א האַנט, און ווען די לינקע?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די מלחמה ביי דער גרעניץ האָט זיך געענדיגט בשלום, די שררות רייטן אהיים מיט די חיילות מיט גרוים נצחון. וואו די וועגן שיידן זיך, שטעלט מען זיך אָפּ אין א קרעטשמע, מען טרינקט, מען הוליעט, מען פאָרט אהין, מען פאָרט אהער.

מען איז שוין געקומען אין אונזער שררה'ס גבול אריין.

ווייטער שיידן זיך וועגן, ווייטער פאַרהאַלט מען זיך אין א

קרעטשמע, וויטער ווערט געטאנצט, געהוליעט און געטרונקען...

עס איז געווען זומער־לעב; א שיינער א ווארימער טאג. ליגן די חיילות אין פעלד און טרינקען. די פערד האט מען אין דער תבואה אריינגעלאזט. פויערים וויינען, דער שררה זאגט, ער וועט באצאלן...

טרייסטן זיי זיך, קראצן זיך אין די קעפ, בוקן זיך צו דער ערד און גייען אוועק...

די שררות זיצן ארום טיש פאר דער קרעטשמע, און טרינקען אויך —

קומט פלוצלונג ארויס דער ארענדאר פון קרעטשמע, אנגעטאן אין וועג־קליידער, הינטער אים שטייט זיין ווייב און זיינע צוויי טעכטער.

און ער, דער ארענדאר, גייט צו צו אונזער שררה, בוקט זיך פאר אים ביז צו דער ערד, קושט דעם זוים פון זיין מאנטל און זאגט:

אדוני פריץ גרויסער, מיין ווייב און מיינע צוויי טעכטער וועלן באדינען דיך און דיינע הויכע ליכטיגע געסט,—און מיך, זיי אזוי גוט, און לאז מיט דיין גרויסן גענאד גיין אין שטאט אריין.—

איך מוז!—זאגט ער.

פרעגט דער שררה: פארוואס ער מוז, וואס עס האט געקאנט אזוינס געשען אין שטאט, אזא אויסטערלישע זאך, אז ער וויל אים פארלאזן?

בוקט זיך דער ארענדאר נאך דריי מאל צו דער ערד און פארציילט אזא מעשה. עס איז דא א גרויסער רב אויף דער וועלט, רופט מען אים דער אייזערנער, און ער איז, גרויסער שררה, א רב אין איינער פון דיינע שטעט, 40—50 מייל פון דאנען...

איז דער רב א גרויסער צדיק און א גדול הדור (ער האט עס אים קוים אויסגעטייטשט), פארט ער ארום איבער דער וועלט צוליב א גרויסער מצוה — פדיון שבויים. און וואו ער קומט, איז אים קהל מקבל פנים מיט גרויס כבוד און גרויס פרייד, און מען

רופט אין שטאָט אריין אַלע רייכע ישוב'ניקעס, און דער גרויסער אייזערנער רב האַלט א דרשה. נאָך דער דרשה שטעלט מען א טאַץ און אַלע וואַרפן אריין געלט.—

און אזוי ווי דער אייזערנער רב איז געקומען אין זיין שטאָט אריין, האָבן רב און קהל נאָך אים געשיקט, ער זאָל פאָרן אין שטאָט אריין הערן די דרשה און געבן א שיינע נדבה...

— און ענדיגט דער אַרענדאַר — א דאַנק פריער גאָט און דערנאָך דיר, ליכטיגער פּריץ, קאָן איך געבן א שיינע נדבה...

גיט דער שררה א שמייכל, א זייטיגן, נישט-גוטן שמייכל. ער האָט שוין געוואוסט, ווער דער „אייזערנער" רב דאַרף צו זיין...

און גיט א זאָג:

— הער, איד, דו קאָנסט געבן א גרויסע נדבה, איך אָבער— א גרעסערע!

על־כן הייסט ער אים: פאָר אין שטאָט אריין, פאַרבעט דעם אייזערנעם רב צו דיר, מיך דערמאָן נישט, ער זאָל זיך נישט דערשרעקן, איך שענק אים 500 רענדלעך. געגוג!

דער אַרענדאַר שאָקלט מיט'ן קאָפּ אויף צען מאָל יאָ, און קאָן פאַר גרויס פרייד קוים אַרויסשטאַמלען.

— און די דרשה?

— וועט ער זאָגן מאָרגן,—שמייכלט ווייטער דער שררה — אויב ער וועט וועלן. אפשר וועט ער גענוג האָבן.

און גיט צו שטרענג:

נאָר תיכּף זאָל ער דאָ שטיין פאַר מיינע אויגן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דעם פּריצ'ס רייד זיינען מקוים געוואָרן...

געבערענגט דעם בעל־דרשן.

אָט שטייט ער פאַר'ן פּריץ.

דער פּריץ עפנט דעם בייטל, ציילט אַרויס 500 רויטע רענד־לעך.

— נעם...

דער בעל־דרשן שטרעקט אויס די האַנט צו נעמען...

באותו הרגע, אויפ'ן שרה'ס וואונק, האָט א בליץ געטאָן א שווערד פון הינטן און אָפּגעהאַקט די האַנט...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דער בל־דרשן איז געווען — שלמה... וואָס האָט זיך, צוליב אויסנאַרן געלט, פאַר'ן ברודער, פאַר'ן „שער הברזל" פאַר־שטעלט.

הדא הוא דכתיב, — דאָס מיינט דער פּסוק: צדיק מצרה נחלץ, דער צדיק ווערט פון אומגליק באַפרייט, ויבא רשע תחתיו — דער רשע, וואָס האָט פון אים אָפּגעצויגן דאָס רע־מזל, קומט אויף זיין אָרט.

ה.

## מה לי לשקר

איר זענט געבילדעטע מענטשן! איך בין א פּראָסטער איד, לא כחל ולא סרק, נאָר א איד, ווי גאָט האָט'ס באַשאַפן, און איך זאָג אייך, אז מען מוז זיין שטאַרק בלינד, מעז יאָל זאָגן, אז דאָס רעדל דרייט זיך אליין... איר זאָגט: ניין? אפשר האָט איר עס צו פאַרדאַנקען אייערע בלויע ברילן, וואָס איר טראָגט: זיי מאַכן אייך פון דער וועלט א מין געבלאָטע וועש, רחמנא לצלן! איך ווייס נאָר, אז איך זע! איך זע בחוש!

אָט זאָגט איר, למשל, אז איר גלויבט נישט אין זווגים. איר מיינט אז דער מזוג זווגים איז ביי אונז יעקל דער שדכן, און ביי'ן אייך — פּשוט, דער יצר־הרע! באמונה שלי — איר לעבט אין טעות!

וואָרן, צוריק געשמועסט: וואָס איז דען, מיינט איר, דער גאַנצער יצר־הרע? אויך א שליח למקום! דער רבונו של עולם שיקט אים, גייט ער! אָן זיין רשות, וועט ער זיך נישט רירן פון אָרט! און א שדכן איז אויך נישט מער ווי א שליח למקום. וואָרן אז נישט, ווי אזוי וואָלט ער געוואוסט „בת פּלוני לפּלוני"?

אפילו א מומחה, א רופא, צי גאָר אַן אויסשטודירטער דאָק־טאָר, זיינען אויך נישט מער נאָר שליחי המקום. אַט קומט ער צו'ן א חולה, טוט ווי אין ביכל שטייט: פּיאַווקעס, באַנקעס, ריצן־אייל, פאַרשרייבט פלעשלעך פון אַלערליי קאָלירן און—דעם חולה ווערט אַמאָל בעסער.

הכלל, וועט איר זאָגן, אַז די לאַנגע הויזן, זיי זיינען דער רופא חולים? פאַרוואָס דען העלפן זיי אַמאָל יאָ און אַמאָל נישט? פאַרוואָס דען ביים צווייטן חולה, ביי דער אייגענער קרענק, שלאָגן די אַלע זאַכן נישט אָן? עס זיינען דאָך די אייגענע פּיאַווקעס, די אייגענע געהאַקטע און טרוקענע באַנקעס, די אייגענע אַפּטייק, די אייגענע פלעשלעך!

אדרבה, זאָגט איר,—מה נשתנה?

האָ תינח — ביי אַרימעלייט; עס שטייט דער דאָקטאָר ביי דער טיר, שרייבט פונדערווייטנס, היילט בעל־פה, קען זיין א טעות... אָבער ביי גבירים! צוויי גביר'ישע חליים: די אייגענע קרענק, דער אייגענער דאָקטאָר, די אייגענע רפואה, — און איי־נער הויבט זיך אויף פון בעט, און דעם צווייטן, רחמנא לצלן, הויבט מען אַראָפּ פון בעט!

נו, מה נשתנה?

איר וועט אפשר זאָגן, אַז עס האָט געמוזט זיין א טעות, אַז דער אַפּטייקער האָט זיך טועה געווען, אָדער דער דאָקטאָר.... אמת! עס קען זיין א טעות... אַמאָל קומט דער דאָקטאָר ווי א פאַר'סמ'טער פון א שמחה, פון מיטן א טאַנץ אָדער פון מיטן א קאָן, נאָך זעקס אַזוינע נעכט... דעם אַפּטייקער כאַפּט מען נאָך האַלבע נאַכט אַרויס פון בעט, פון בעסטן שלאָף. נו, קען זיין, אָדער דער דאָקטאָר האָט, על־פּי טעות, שלעכט פאַרשריבן, אָדער דער אַפּטייקער האָט שלעכט געמאַכט די מעדיצין...

איך וועל אייך אָבער ווייזן, וואו עס קען נישט זיין קיין טעות!

אַט, נעמט אונזער בערל מומחה! דאָ וועט שוין די גאַנצע וועלט מעיד זיין, אַז ער האָט קיין טעות נישט! ער איז, חס ושלום, קיינמאָל נישט שיכור, טאַנצט נישט מיט נקבות, שפּילט

נישט אין קאָרטן, מאַכט אַליין אַלע רעצעפּטן און טרעט נישט אָפּ פון בעט, ביז ער אַליין גיסט זיי נישט דעם חולה אין מויל אַריין... די ציין האַקט ער אויף, און איינגעבן מוז ער אַליין.

נו, פּאַרוואָס־זשע איז בײַ'ן אים: איין פיבער — מיט דער האַנט אַוועק! און דאָס צווייטע האַלט זיך ווי א סמאָלע, קלעפּט זיך ווי א נאָס העמד?

איז דאָך ווייטער דאָס אייגענע—מה נשתנה?

איז דאָך נישט מער, אַז נישט אין זיי ווענדט זיך עס, אַז זיי זיינען טאַקע נאָר שלוחים!

אַלע זיינען שלוחים למקום! והוא הדין יעקל שדכן; ער איז אויך נאָר א שליח למקום!

זעט איר, דער דאָקטאָר וועט אייך דאָס נישט מודה זיין; זיין פּרנסה לאָזט אים נישט מודה זיין; ער מוז זיך אָנבלאָזן און זאָגן: „כוחי ועוצם ידי", ווי דען?

און אַז די רפואה שלאָגט נישט אָן, איז דער חולה שולדיג! ער האָט אודאי עפּעס בגנבה געכאַפּט! איז דער חולה נישט קיין איד, טרעפט ער באַלד אויף „חזיר", בײַ'ן א איד איז, להבדיל, דער קוגל שולדיג! כאָטש פון אבות אבותינו עסט ער קוגל און עס האָט אים קיינמאָל נישט געשאַדט! טשאָלנט איז גאָר חיות...

נו, רעדט ער ווי א מענטש?

אפילו דער רופא, זעט איר, האָט שוין, איך בעט איבער אייער כבוד, פליי אין דער נאָז... ער מוז דאָך גיין אויפ'ן דאָקטאָר'ס וועג! פון וואַנען דען, מיינט איר, נעמט זיך דער „טוב שברופאים"? ער זאָגט, אַז דער דאָקטאָר איז שולדיג! אים שטייט דער דאָקטאָר אין וועג!

דער שקר, אפּנים, ליגט שוין אין דער פּרנסה. וואָרן אפילו בערל מומחה — דאַכט זיך א פּשוט'ער איד, ער שפּרעכט נאָך אמאָל אַליין אָפּ אן עין־הרע... און דרייט שוין אויך אמאָל מיט דער נאָז!

איך וויל אים, חס ושלום, נישט באַריידן. די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז ער האָט מיך מיט א זאַלב פאַר א דרייער אויסגעהיילט

פון אזוינע פלוימען, וואס די וועלט פארמאגט עס נישט; נאר וואס אמת איז אמת, אנגערירט איז ער שוין, „וישמן—ויבעט". די הצלחה ברענגט דערצו...

אבער יעקל שדכן, דאס איז טאקע א פשוט'ער פראסטער איד; ער וועט אייך נישט זאגן: כוחי ועוצם ידי! רייד מיט אים וועט ער באלד מודה זיין, אז דאס איז נישט זיינע קונצן, נישט זיינע חכמות. אז, על־פי רוב, קומען אים גאר די שידוכים צו חלום.

— איך ליג מיך — זאגט ער — שלאפן מיט א ליידיגן מוח, און שטיי אויף מיט א קאפ ווי נחם תיבה: סאמע פארלעך און פארלעך.

איר גלויבט נישט אין חלומות?

זעט איר, דאס איז שוין גאר א נארישקייט פון אייך, בדידי הוי עובדא, איך אליין בין שיר דורך א חלום א מיליאנער געווארן.

די מעשה איז אזוי געוועזן:

איינמאל, שבועות ביינאכט, עס וועט שוין זיין א יאר 25, זיץ איך ביים „תיקון שבועות" און שלאף אזוי איין. אין שלאף זע איך פאר מיר שוועבן אין דער לופט א ציפער 613. לכתחילה האב איך געמיינט (אין חלום, הייסט עס), אז דאס איז תרי"ג,— 613 מצות. נאר איך האב באלד פארשטאנען, אז תרי"ג דארף זיין מיט הייליגע אותיות, נישט מיט גוי'שע ציפער! אינמיטן הער איך א טראמפייט, א שטאפעט קומט אן! ער קנאקט מיט דער בייטש; איך הער, ווי ער שטעלט זיך אפ לעבן בית־המדרש און פרעגט זיך אויף מיר.

עמיץ—הער איך—פרעגט אים, וואס ער דארף; זאגט ער, אז ער האט פאר מיר אין זאק מיט רענדלעך.

איך האב דאס גרויסע לאאז געוואונען!

איך האב מיך אויפגעכאפט. עס איז מיר זייער א שאד געווען, וואס דער זאק מיט רענדלעך איז נעלם געווארן. נאר יום־טוב! מען טאר זיך נישט מצער זיין! איך שטעל מיך אפ מיט

מיין ווייב, עליה השלום, באלד מוצאי יום־טוב צו פארן אין א גרעסערער שטאט אריין און אויסזוכן נומער 613.

ווייסט איר דאך... אידישע געשעפטן!

באלד נאך יום־טוב האט זיך מיר נישט געמאכט אויף הוצאות, דערנאך איז מיר, לא עליכם, נישט פאר אייך, נישט פאר קיין שום איד געדאכט, א קינד אוועקגעפאלן... און אוועקגעקומען... איך בין שבעה געזעסן...

דערנאך האט זיך געמאכט אין קהלה עפעס אן עסק וועגן א שוחט, א מחלוקת, האב איך מיך נישט געקענט רירן פון ארט...

און דערנאך, אז איך האב מיך שוין, נאך אלע מניעות, ארייני געזעצט אין בויד, שטעקט מיר אינעווייניג א איד ארויס שלום עליכם!

— וואו פארט א איד?

איך זאג אים.

— אן עסק?

איך דערצייל אים, אז איך פאר קויפן א לאָאז...

לאכט ער,—עס איז שוין נאכ'ן ציאונג!

און אזוי האב איך פארשפילט מיין לאָאז!

איך האב מיך אפילו נישט געוואלט נאכפרעגן, וויפיל דער לאָאז האט געוואונען, ווער מיין געלט האט צוגענומען... ערשטנס, האב איך געוואלט פארגעסן דערינען, עס איז דאך א הארץ־ווייי טאג; צווייטנס, האט מיר מיין ווייב, עליה השלום, אויפגעגעסן, זי זאל מיר עס מוחל זיין, די גאל, אז דער קאפ איז אויף מיר ארומגעפארן... און דריטנס, האבן זיך ווייטער געמאכט עפעס קהל'שע עסקים, חטאים מיאוס'ע פון א בעלפער, די מקוה האט מען פאר'חתמ'עט! —

דאס געהער שוין נישט צו דער זאך; זען דאך זעט איר, אז א חלום איז נישט קיין קלייניגקייט! אז מען מאכט קיין חלום נישט אוועק מיט דער האנט! פארוואס דען זאלט איר נישט גלויבן, אז מען איז יעקל שדכן מודיע אין חלום: וואו, ווענמען און ווען מען דארף אנשלאגן?

און איך זאָג אייך, אַז איך גלויב באמונה שלמה, אַז דורך דעם נאָר מאַכט זיך אַמאָל אַ גט, וואָס אַ יעקל שדכן, אַ פּלוט, האָט אַמאָל אַ טעות און פאַרגרייזט אַ חלום!

און אַ והא ראיה: מיר זעען טאַקע, אַז אויב אַ מאַן לעבט מיט אַ ווייב אַ סך יאָרן בשלום, ווי גאָט האָט געבאָטן, קריגן זיי טאַקע איין צורה! די איינענע הויות, די אייגענע תנועות, די אייגענע סוגות, גלייך זיי וואָלטן אַ צווילינג געוועזן! פונוואַנען נעמט זיך דאָס?

איר וועט זאָגן: אַ הרגל! ניין, ברודער! דאָס האָט שוין דער רמב״ם, עליו השלום, אויסגעוויזן אַריסטון, אַז אַ הרגל איז בלאָטע! וואַרפט אונטער — זאָגט ער — אַ מייזל, וועט די געלערנטע קאַץ צוריק קאַץ, כאָטש זי קען עסן שוין ביים טיש מיט מעסער און גאָפּל!

אַריסטו — זאָגט מען — האָט אַפילו דעם רמב״ם נישט מודה געווען... עס האָט אים נישט געפּאַסט! ער האָט שוין זיין ספר וועגן הרגל, מיט אַלכּסנדר מוקדונ׳ס הקדמה, געהאַט אָפּגעדרוקט און אויף דער וועלט צעשפּרייט, אָבער געבליבן איז ער אָן אַ וואָרט אין מויל!

נו? האַלט איר אויך נאָך אין הרגל? לאו! אַ הרגל ברעכט נישט קיין טבע! נישט מער, גאָט ברוך הוא, איז, כביכול, אַ גוטער באַלעגאָלע; אַז ער שפּאַנט איין אַ פּאָר פערד, איז עס אַן אמת׳ע פּאָר!

און ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן?

דער אמת איז, אַז איר אַליין זייט אויך נישט קיין נאַראָנים, איר ווייסט אויך דעם אמת ביי זיך! וואָרן, באשר בכן? איר זייט נישט מזרע אברהם, יצחק ויעקב? אייערע נשמות זיינען נישט געשטאַנען ביים באַרג סיני, חס ושלום?! ביי׳ן אייך, זעט איר, שווימט די כפירה, דאָס אַפּיקורסות אַזוי פון אויבן, דערי־בער גייט זי אייך אַלע מאָל איבער׳ן מויל... אָבער אינעווייניג!

איר לייקנט? וואָס דען זאָלט איר זאָגן? איך זאָג אייך, בוימל אויפ׳ן וואַסער!

עס איז אזוי! אין א חדר האָט איר דאָך אמאָל געלערנט: וואסער איז מים און מים, האָבן מיר א קיימא־לן, איז תורה... אמת איז, אז בוימל — שמן — איז אויך תורה, נאָר ווער זאָגט דען, אז די כפירה, רחמנא לצלן, איז בוימל? בלאָטע איז זי, בנאמנות — בלאָטע! עס רעדט זיך נאָר אזוי: ווי בוימל אויפ'ן וואסער!

און קומען קומט דאָס פון דער מאָדע! און היינט איז א מאָדע חוזק צו מאכן אויס א אידישן מנהג, אויס א אידישער אמונה... און וואָס טוט איר נישט פאַר דער מאָדע וועגן! אָט שטייפט איר איין דעם גאָרגל. איר ווערט רויט ווי אן אינדיק, פרייכט ווי א גאנז, און פון וועמעס וועגן? פון א שניפּסל וועגן, און די גאנצע סחורה איז א כזית, א כשעורה... אמת — כדאי? און היינט, וואָס איר פּענטעט אייך די פּיס מיט ענגע קאמאשן מיט שפּיצן?... באשר — איר האָט נישט הינער־אויגן.

וואָס? נישט מער — עס איז מאָדע! איר מוזט גלייך זיין צום אַפּטייקער: אי וואָס, דער אַפּטייקער איז אן אנדער גזע; ער האָט נאָר קיין גאָרגל נישט, און זיין פּוס פּאסט אין שטיוול אריין, ווי א פּריצישער בריוו צום קאָפּערטל... איר מוזט אָבער נאָכטאנצן!

און, אז דער אַפּטייקער מאכט חוזק פון יעקל שדכן, זאָגט איר, אז איר גלויבט נישט אין זווגים!

עס איז ביי מיר הייליג!

א והא ראיה! איך האָב אמאָל געזען, ווי אן אמת'ער דייטש, אָבער טאָקע אן אמת'ער, אָן תפילין, ריין „קאשע מיט שנויץ". האָט אין אָקע געשפּילט! ער האָט אין מיטן קאָן באין־אופן קיי־נעם קיין דרייער נישט געבאָרגט, קיין רובל אויסגעטוישט, דאָס געלט קיינמאָל נישט געוואָלט ציילן! פּריער ווייטער, אז עס איז אים נישט געגאנגען, האָט ער פּלוצים געכאַפּט דעם קוימען, דעם קאפּעליוש, הייסט עס, און איז נעלם געוואָרן אויף א מינוט...

נו? איר וועט מיר איינריידן, אז איר גלויבט נישט אין סגולות? איך בין אייך ערב, אז ער איז ארויסגעלאָפן מאכן די סגולה...

זעט איר, איך טו עס נישט! שפּיל איך אין קאָרטן, אין קוויט־לעך, מיין איך, שפּיל איך ערלעך... על־פּי דרך הטבע!

יענץ הייסט שוין ביי מיר א שקר, א כנופיא מיט יענע לייט!... נאָר מיין דאגה! מאכט ער יאָ א סגולה... נאָר פאַרוואָס לאכט ער אוים א פרומען איד, האַ?

איך זאָג אייך, אז איר גלויבט! אז איר גלויבט גלייך מיט אַלע אידן! והא ראיה: פּרואווט, זאָל אייך פיר וואָכן א צאָן דרייען, א פיבער ווארפן, אָדער א פּום ברעכן, וועט איר נישט לויפן צו א גוטן אידן?...

א נישט צו׳ן א זנאכער! אין דער סטרא אחרא גלויבט איר דאָך אודאי!

זעט איר, איך זאָג אייך דעם אמת! און צוריק געשמועסט: מה לי שקר?

---

# בערל דער שניידער

ערב יום־כפור. אין בערדיטשעווער שול. צונעפאלן איז די נאכט.

די זקנים האבן אפגעזאגט: „על דעת המקום ועל דעת הבריות...” צעגאנגען זיך אויף זייערע ערטער. ר׳ לוי יצחק שטייט ביים עמוד. ער דארף זאגן „כל נדרי” און — שווייגט.

אלע אויגן הענגען אויף זיין רוקן. אין עזרת נשים — א שטילקייט, ווי אויפ׳ן ים פאר א רעש. ער וועט אנהויבן, און אפשר, ווי זיין שטייגער איז אמאל, מיט א הקדמה. וועט זיך פריער אויס׳טענה׳ן, כדבר איש אל רעהו, מיט׳ן רבונו של עולם— אויף מאמע־לשון...

נאר ר׳ לוי יצחק שטייט, איינגעהילט אין קיטל און טלית פאר׳ן עמוד און שווייגט.

וואס באדייט עס?

זיינען די שערי תפילה אזוי שפעט נאך פארמאכט? האט ר׳ לוי יצחק קיין כוח נישט אנצוקלאפן? ער שטייט מיט׳ן קאפ אביסל איבערגעבויגן, מיט איין אויער ארויף, גלייך ער הערט עפעס פון דארט. וויל ער הערן אויפשליסן?

און פלוצלונג דרייט זיך ר׳ לוי יצחק אוים צום עולם און גיט א רוף:

— שמש!

לויפט דער שול־שמש צו; פרעגט ער אים:

— בערל דער שניידער שוין דא?

דער עולם ווערט נהבל ונשתומם. דער שמש שטאמלט: ער

ווייסט נישט; הויבט זיך אָן אומצוקוקן. ר׳ לוי יצחק אַליין קוקט זיך אויך אום.

— ניין, ער איז נישטאָ! — זאָגט ער. אינדערהיים געבליבן. און ווענדט זיך נאָכאַמאָל צום שמש:

— גיי אַהיים צו בערל שניידער און רוף אים אַהער! זאָג, איך, לוי יצחק, דער מרא דאתרא, רופט.

גייט ער, דער שמש.

בערל דער שניידער וואוינט אין שול־געסל, נישט ווייט פֿון שול. ווארט מען נישט לאַנג. קומט ער, בערל שניידער, אָן קיטל און טלית, אין דער וואָכנדיגער קאַפּאָטע, מיט אַן אָנגערוקט פּנים און אויגן — האַלב בייזע, האַלב צעשראָקענע, און גייט צו צו ר׳ לוי יצחק׳ן:

— איר האָט מיך גערופֿן, רבי, בין איך צו אייך געקומען!

„צו אייך" איז ער מטעים.

שמייכלט ר׳ לוי יצחק.

— זאָג נאָר, — מאַכט ער, — בערעלע, וואָס רעדט מען עס אַזוי פֿיל פֿון דיר אינדערהויך? עס איז דאָך פֿול מיט דיר די פּמליא של מעלה. עפּעס אַ רעש האָסטו אָנגעמאַכט: מען הערט נישט מער, נאָר: בערל דער שניידער און בערל דער שניי־דער.

— אַהאַ!—מאַכט בערל שניידער מיט נצחון.

— האָסט עפּעס אַ טענה?

זאָגט ער: אודאי!

— צו וועמען?

— צום רבונו של עולם!—זאָגט ער.

דער עולם אַרום וואַלט דעם שניידערוק צעריסן; ר׳ לוי יצחק צעשמייכלט זיך נאָך ברייטער:

— אפשר וועסטו, בערל, דערציילן, וועגן וואָס עס גייט?

— אדרבא!—זאָגט בערל דער שניידער.

— מהיכי־תיתי...—זאָגט ער.—איך קען אפילו פאַר אייך א דין־תורה האָבן! זאָל איך טענה'ען?

— רייד!

טענה'ט ער, בערל דער שניידער:

— איבער'ן גאַנצן זומער, לא עליכם, רבי, קיין שטאָך אַר־בעט נישט געהאַט... נישט פון א איד, נישט, להבדיל, פון א פויער.

— כאַטש לייג זיך,—זאָגט ער,—און שטרעקט אוים די צונג.

— אַי, גלויבט זיך נישט ר' לוי יצחק'ן—זרע אברהם, יצחק ויעקב זיינען דאָך רחמנים בני רחמנים, גערדאַרפט זיך פאַר־טרויען.

— דאָס נישט, רבי, איך זאָג נישט און איך נעם נישט!

קיין מתנת בשר ודם וויל ער נישט. ער האָט אַזאַ חלק אין רבונו של עולם, ווי יענער...

וואָס ער האָט יאָ געטאָן, — א מיידל האָט ער, האָט ער עס אוועקגעשיקט דינען. ערגעץ אַנדערש, אין א גרעסערער שטאָט אריין, געשיקט.

זיצט ער אַזוי אינדערהיים און וואַרט, וואָס זיין ליבער נאָמען וועט טאָן...

פאַר סוכות. די טיר עפנט זיך. אהאַ! דערוואַרט זיך: און עס קומט טאַקע אריין א שליח מיוחד פון פּריץ. מען רופט אים אונטערשלאָגן א פעלץ.

גוט. דער רבונו של עולם שפּייזט! פאַרט ער, קומט ער אין פּאַלאַץ אריין. מען פירט אים אין א חדר מיוחד אריין. מען גיט אים איבער אַן אויבערשלאַג און מען גיט אים איבער פע־לעכלעך.

— זאָלט איר זען, רבי, פיקסענע פעלעכלעך! פון פיקסן־לאַנד...

עס איז דאָך כל־נדרי צייט, איז אים ר׳ לוי יצחק מזרז:

— הכלל, האָסטו אונטערגעשלאָגן, געטאָן דיינס בשלמות. וואָס איז ווייטער געשען?...

— א קליינינקייט איז געשען: דריי פּעלעכלעך זיינען גע־בליבן.

— האָסטו זיי צוגענומען?

— נישט אַזוי ליכט, רבי, ווי עס רעדט זיך! אז מען קומט ארויס פון פּאַלאַץ שטייט ביי דער בראָם א שומר. האָט ער א חשד, באַזוכט ער, טוט די שטיוול אויס. און געפינט מען, רבי, ביי מיר, חס ושלום, פּעלעכלעך, האָט דער פּריץ כלבים, האָט דער פּריץ ריטער...

— נו, וואָס האָסטו געטאָן?

— איז דאָך אָבער בערל — בערל שניידער! גיי איך מיר רבי, אין קיך אריין, בעט, מען זאָל מיר אהיים געבן א ברויט...

— פּת עכו״ם, בערל!

— נישט, חלילה, צום עסן, רבי! — מען האָט מיר געגעבן א ברויט, א גרויס ברויט. איך גיי דערמיט צוריק אין שטוב אריין, שנייד עס אויף, הויל עס אויס, קנעט דאָס ווייכע אַזוי לאַנג אין די הענט ביז עס ווערט דורכגענומען מיט שוויים און וואַרף עס דעם כלב, וואָס ליגט אין חדר. א כלב האָט ליב מענטשן־שוויים. און די דריי פּעלעכלעך פּאַק איך אין אויסגעהוילטן ברויטל אריין. און גיי.

ביי דער בראָם:

— וואָס טראָגסטו, זשידיקל, אונטער׳ן אָרעם?

ווייז איך: א ברויט!

איך קום בשלום אריבער און א ביסל ווייטער מאַך איך שוין פּיס... און גיי נישט מיט׳ן וועג, איבער די קשאַקעס גיי איך. פעלד אויס, פעלד איין: א קורצער וועג—א פעלד־וועג.

גיי איך און טאַנץ אביסל אונטער: אַן אתרוג וועט זיין, א לולב'ל! נישט קהל'ס, נישט געבאַרגט... טייערע פעלעכלעך...

הויבט אָבער אָן די ערד אונטער מיר עפּעס צו ציטערן... איך דערקען שוין דאָס ציטערן. א רייטער יאָגט הינטער מיר, מען יאָגט מיך נאָך! דער מאַמע'ס מילך ווערט מיר אנטרונען. מן הסתם, איבערגעציילט די פעלעכלעך... אנטלויפן איז נאַריש, א רייטער, דעם פּריצ'ס א פערד... כאַפּ איך, קודם כל, דאָס ברויטל און וואַרף אין די קשאַקעס אריין. מאַך מיר פונדעסטוועגן א סימן, א גוטן סימן, און שטעל מיך אָפּ. מען רופט שוין:

— בערקאָ! אָ, בערקאָ!

דאָס איז ער, דעם פּריצ'ס קאָזאַקל, איך דערקען זיין קול'כל! אינעווייניג, רבי, ציטערט! די נשמה איז אין די קנעבל, נאָר בערל שניידער דרייט זיך אוים, און גייט אנטקעגן, מכלומרשט, כאחד האדם.

ווייזט זיך אוים—אַן אומזיסטע שרעק!

איך האָב פאַרגעסן א העגנער אָנצונייען, האָט מען נאָך מיר א רייטער געשיקט.

און ער שלעפּט מיך שוין אויפ'ן סוס ארויף. דרייט עס אוים, מען רייט שוין...

בענטש איך אין האַרץ גומל, ניי אָן דעם העגנער און גיי צוריק.

איך קום צום סימן: ואיננו—נישטאָ דאָס ברויט!

שוין לאַנג נאָך שניט; קיין בן אָדם גייט דאָ נישט, קיין פויגל אין דער וועלט וועט אזא משא נישט אויפהויבן... פאַר־שטיי איך, ווער עס האָט עס געטאָן...

פרעגט ר' לוי יצחק:

— ווער?

— ער!—ענטפערט בערל שניידער, און טייט מיט'ן פינגער צו דער הויך—דער רבונו של עולם, זיין מעשה ידו, רבי! און

איך ווייס פאַרוואָס... ער, דער האַר דער גרויסער, וויל נישט, אַז זיין קנעכט, אַז איך, זיין בערל דער שניידער, זאָל נעמען יתור...

— נו, אודאי — מאַכט ר׳ לוי יצחק ווייך—על פי דין...

— דין־שמין! —מאַכט בערל. ער ווייסט, אַז אַ מנהג ברעכט אַ דין. און —

— נישט איך,—זאָגט ער,—האָב יתור באַשאַפן, אַ מנהג פון קדמונים!

— און ווידער,—טענה׳ט ער,—פאַרקערט: איז דער רבונו של עולם אַזאַ גרויסער, שטאָלצער פריץ, און וויל נישט, אַז דער אָרימסטער עבד פון זיינע עבדים, זיין קנעכט בערל דער שניידער, וואָס דינט ביי׳ן אים, זאָל נעמער יתור,—זאָל ער געבן פּרנסה. זאָל ער, ווי אַ פּריץ, געבן אָרדינאַריע!

נישט דאָס און נישט דאָס וויל ער נישט!

— וויל איך,—זאָגט ער,—דעם רבונו של עולם נישט דינען. איך האָב,—זאָגט ער,—אַ נדר געטאָן: אויס!

גיט דער עולם אַרום אַ ברום, ווי אַ בער. הויבן זיך הענט—וויל מען צולויפן. ר׳ לוי יצחק מאַכט:

— שאַ!

דער עולם בלייבט שטיל און ר׳ לוי יצחק פרעגט בנעימות:

— און וואָס ווייטער, בערל?

— גאָרנישט! —פאַרציילט ער. איך קום אַהיים, איך וואַש מיך נישט. איך עס אומגעוואַשן. מיין פלונית׳טע וויל עפענען אַ מויל, — אַ פּלאַסק! איך לייג מיך; אָן קריאת־שמע לייג איך מיך. קיין ברכה, קיין נטילת ידים, קיין דאַווענען, קיין טלית ותפילין. „גיב עסן!" מיין פלונית׳טע מאַכט פיס פון שטוב אַרויס. אין דאָרף אַריין, צום פאָטער, צום אַרענדאַר געלאָפן. איז אָן אַ ווייב! איך האָב נאָך הנאה דערפון. איך, ווי איך, איך בין בערל שניידער. זי, אַ שוואַכע אידענע, זאָל זי נישט זיין אין דער מיט! און איך טו מיר מיינס: קיין סוכה, קיין אתרוג,

קיין לולב, איך נעם אמאל א ביסל; יום־טוב מאך איך קיין קידוש נישט. לאו! שמחת־תורה, כאפ איך, ווי מרדכי נאך דער גזירה, און טו אן א זאק איבער'ן קאפ. להכעים!

קומט סליחות־צייט, ווערט א ביסל קאלעמוטנע. דער שמש קלאפט, דאס הארץ קלאפט, עס ציט... בין איך דאך אבער בערל שניידער! א ווארט האלט איך! איך דעק מיך צו איבער'ן קאפ, איך האלט אוים! נישט זען... עס קומט ראש השנה—איך ריר מיך נישט. עס קומט די צייט פון שופר בלאזן, כאפ איך שטי־קער וואטע און פארשטאפ די אויערן... עס רייסט, דאס הארץ רייסט, א צער־בעלי־חיים, רבי... און איך מיאוס מיך פאר מיר אליין. גיי ארום אומגעוואשן, אן אומריינקייט. א שטיקל שפי־געלע הענגט, איך דריי עס איבער צו דער וואנט, איך וויל מיין פרצוף נישט זען... דער עולם, דערהער איך, גייט צו תשליך...

ער בלייבט שטיל א ווײַלע און שפרינגט באלד אונטער!

אבער גערעכט, רבי, בין איך! אפטרעטן מיט גארנישט וועל איך נישט!

טראכט ר' לוי יצחק א ווײַלע און פרעגט:

— און וואס־זשע ווילסטו, בערל שניידער?... ווילסט פרנסה?

בערל באליידיגט זיך:

— קיי און שפיי פרנסה! פרנסה האט ער געזאלט פריער געבן! און פרנסה קומט יעדן; דעם פויגל אין דער לופט, דעם ווערימל אויף דער ערד. פרנסה איז ארדינאריע. צינד וויל בערל שניידער מער!

— זאג, בערעלע, וואס.

— און בערל שטעלט זיך אפ:

— אמת, רבי, יום־כפור איז נאר מכפר אויף עבירות, שבין אדם למקום?

— אמת!

— און עבירות שבין אדם לחברו—נישט?

— ניין!

גלייכט זיך בערל שניידער אויס אין דער הויך ווי א סטרונע, און זאָגט פעסט און הויך:

— וויל איך, בערל שניידער, אַנדערש זיך נישט אונטער־געבן, אַנדערש צוריק אין דער דינסט צום רבונו של עולם נישט אַריינטרעטן, ביז דער רבונו של עולם וועט נישט דאָס יאָר, מיר צוליב, מוחל זיין די עבירות אויך!

— בין איך גערעכט, רבי?

— גערעכט! — ענטפערט ר׳ לוי יצחק, — און האַלט דיך, — זאָגט ער, — ביי דער דעה, מען וועט דיר מוזן נאָכגעבן...

און ער קערט זיך אום צום עמוד, קוקט אַרויף, הערט זיך איין א ווײַלע און איז באַלד מבשר:

— האָסט געפּועל׳ט, בערל! גיי נאָך קיטל און טלית!

---

# שמחה שבשמחה

כידוע, איז ביי אַנשי שלומינו ראש־השנה שטענדיג א פריי־לעכער יום־טוב.

מיר זיינען דאָך קיין מתנגדים נישט. מען ווערט נישט אַזוי פאַרציטערט מאימת יום־הדין.

מיר ווייסן דאָך, אַז מען שטעלט זיך פאַר א פרעמדן סטראַפּ־ציע נישט, אַז עס משפּט א טאַטע. דער אָבינו שבשמים משפּט! איז מען טאַקע טועם א ביסל משקה. כאַפּט מען א טענצל נאָכ'ן דאַוונען...

נאָר איינמאָל האָב'מיר א ראש־השנה געהאַט,—איבער אַלע ראש־השנה'ס.

אָנגעהויבן האָט זיך עס ווי תמיד. נאָר באַלד אין ערשטן טאָג, פאַר מוסף איז געוואָרן א פלאַם!

וואָס איז געשען?

דער אַלטער, כמנהגו, לאָזט גאַנץ ימים־נוראים קיינעם צום עמוד נישט צו. ער פאַרלאָזט זיך נישט אויף קיינעם!

דאַוונט ער פאַר'ן עמוד.

ווי אַזוי ער דאַוונט, דאַרף איך אייך נישט פאַרציילן.

דאַוונט ער און קומט צו „לאל עורך דין".

נים ער אויף זיין שטייגער און מיט זיין קול־נגינה א געשריי: „לאל עורך דין!"

הערצער ציטערן, הימלען שפּאַלטן זיך.

און אזוי ווייטער, און ווייטער:

„לבוחן לבבות"... „לגולה עמוקות"...

קומט ער אָבער צו „לצופה נסתרות" — ברעכט זיך איבער דאָס קול. עפּעס פאַלט עס, עפּעס ציטערט עס; דער חיתוך הדבור ווערט אויך אַן אַנדערער. „לקונה" איז אָפּגעפּאַלן „עבדיו" קומט אַרויס מיט ספקות, „ביום דין"—מיט חולשות.

און פּלוצלונג בלייבט ער גאָר שטיל! ער שווייגט: א רגע, צוויי, דריי און נאָך מער. און א רגע איז א יאָר: שרעק, דער אָטעם שטאָקט. עזרת נשים איז ווי פאַר'חלש'ט געוואָרן; אויס רעש!

פּלוצלונג גיט ער זיך א ריר. א ציטער אויפ'ן גאַנצן גוף. און די שטילקייט, די אָנגעזאַפּטע מיט פּחד און אימה, ווערט דורכגעריסן מיט א שמחה'דיגן:

— „לרחם עמו ביום דין".

און עס גייט מיט א לאַנג געדרייטן חדוה'דיגן שלשלת. און כל עצמותיו — די פיס כאַפּן א טענצל ביים עמוד. און אזוי גייט שוין דער שחרית עד גמירא.

ווי מיט באַנייטע כחות.

און פאַר מוסף האָט ער אונז פאַרציילט, וואָס עס איז געשען. א קלייניגקייט איז געשען:

כידוע, אז מען דאַוונט פון סידור, צי פון מחזור אַרויס, לויפן די אויגן פאַר די ליפּן. זאָגן דעם אַלטנ'ס ליפּן: „לצופה" און די אויגן דערזעען שוין „לקונה".

און ווי ער דערזעט „לקונה", פאַלט אים איין, אז עס איז כולו מוקשה, אז ער פאַרשטייט קיין פירוש המלות נישט. וואָרים באמת: וואָס טייטש?

ווער, ווען קויפט קנעכט ביים משפט?

און ער האָט קיין תירוץ נישט, און ווערט ממש מבולבל, און שווייגט!

ווײל מען דאַרף אָבער נישט דאָרט אויבן, אַז דעם אַלטנ׳ס תפילה זאָל, חס ושלום, מטורף ווערן, ווייזט מען אים, וואָס טייטש.

און ווי ער מאַכט די אויגן צו, נאָכצוטראַכטן, שפּאַלט זיך פאַר אים דער הימל און ער זעט!

דאָס בית־דין־שטוב זעט ער:

דאָס בית־דין־שטוב פון אויבן. דעם אמת׳ן מקום המשפט!

אָט דער טיש, די וואָגשאָל.

איז אָבער נאָך, אפּנים, פרײ.

נאָך קיינער נישט געקומען.

קוקט ער זיך דערווײל אום: פינף טירן האָט דאָס בית־דין־שטוב: צוויי טירן פון די זייטן; רעכטס א טיר און לינקס א טיר.

אויף דער רעכטער טיר איז אויפגעשריבן: „סניגור״! פון דאַנען וועט ער קומען. אויף דער לינקער: „קטיגור״! דער קומט פון געגנאיבער.

און דריי טירן אויבנאָן, אונטער טיש און וואָגשאָל, ביי דער מזרח־וואַנט.

איז די מיטלסטע טיר פון די דריי פאַרמאַכט, און די טירן רעכטס און לינקס—אָפן.

איבער דער פאַרמאַכטער מיטל־טיר איז אויפגעשריבן: פמליא של מעלה״. און מצד ימין ושמאל, דורך די אָפענע טירן, זעט מען:

רעכטס—דאָס אָפענע גן־עדן. אָבות און צדיקים, באַשטראַלט

מזיו השכינה, זיצן, מיט די קרוינען אויף די קעפּ, און לערנען; זיי האָבן, אפּנים, קיין יום־הדין נישט!

און לינקס—דאָס אָפענע גיהנום.

אין גיהנום איז שטיל. דאָס גיהנום איז לער; יום־טוב — שטראָפט מען נישט, פּייניגט מען נישט. זיינען די רשעים פריי. און די משחיתים, אפּנים, מיט עפּעס אַנדערש פאַרנומען. און מתוך המעשה וועט איר געוואָר ווערן, מיט וואָס זיי זיינען געווען פאַרנומען,—נאָר דאָס פייער ברענט, פלאַקערט.

„ואשו לא תכבה", ווי אין פּסוק שטייט.

און ווי ער קומט אַזוי, עפנט זיך די רעכטע זייטן־טיר און עס קומט אַריין דער סניגור מיט'ן פּעקל זכיות אונטער'ן אָרים. א קליין פּעקעלע. א שלעכט יאָר פאַר מצוות ומעשים טובים געווען. קומט ער אַריין, זעט די לינקע טיר פון געגנאיבער איז צו, פאַרשטייט ער, אַז דאָרט זאַמלט מען די כתבים לענגער, א יאָר געווען—א גערעטעניש פאַר זיי... לאָזט ער דאָס פּעקל אַראָפּ פון אונטער'ן אָרים און זעצט זיך דערווייל גאַנץ אָבלדיג.

דערנאָך עפנט זיך די טיר פון דער לינקער זייט. צוויי משחיתים, מיט א פּאַק אויף די אַקסל, קומען אַריין, געבויגן פון דער משא. מען הערט, ווי אונטער איר די ביינדלעך קנאַקן, און זיי וואַרפן אַראָפּ די משא, אָטעמען אָפּ, און זאָגן, אַרויסגייענדיג, הויך, דער סניגור זאָל הערן:

— נאָך קיין מן המעשר נישט. פאַרלעך וועלן נאָך טראָגן. אַלע לאַפּיטוטן קלייבן צונויף, אוצרות גאַנצע.

ווערט דעם סניגור זייער קאַלעמוטנע, פאַרהילט ער זיך דאָס פּנים און קרעכצט.

ער מיינט: קיינער הערט נישט.

די פמליא של מעלה איז נאָך באכתסיא... אין גן־עדן איז מען מיט תורה פאַרנומען; דאָס גיהנום—לער!

זיצט דאָך אָבער צווישן עולם אין גן־עדן אויך ר' לוי מבער־דיטשעוו, דערהערט ער!

ער איינער האָט נאָך נישט פאַרגעסן, אַז פאַר די יושבי חושך וצלמות, אויפ'ן עמק עכור אונטן, איז היינט א יום־הדין, און אויב עמיץ קרעכצט אויפ'ן עולם אמת, גייט עס אודאי וועגן זיי. איז ער מפסיק משנתו און קוקט זיך אום.

זעט ער, ווער עס קרעכצט — דער סניגור אין בית־דין שטוב קרעכצט.

מוז מען שוין אודאי דערגיין די סיבה.

פוילט זיך נישט ר' לוי יצחק, הויבט זיך שטיל אינמיטן דער סוגיא אויף, שלייכט זיך אויף די שפּיץ נעגל אַרויס פון טיש, פון גן־עדן אין בית־דין־שטוב אַריין און דערזעט דאָס פּעקל מיט'ן פּאַק... פאַרשטייט ער, ווי עס האַלט... האָט ר' לוי יצחק קיין לאַנגן ישוב נישט, גייט צו און הויבט אויף מיט אַלע כוחות דעם פּאַק, און גיט אים א שליידער איבער'ן טיש, דורך דער אָפענער לינקער מזרח־טיר, צום גיהנום, אין אש מתלקחת — אין גיהנום־פייער אַריין, און דער פּאַק ברענט און ווערט פאַרברענט.

קומען צוויי אַנדערע משחיתים'לעך. ווייטער מיט א פּאַק. זיי גייען אַרויס, ר' לוי יצחק כאַפּט דעם פּאַק, וואַרפט, טרעפט, דער פּאַק ברענט, ווערט פאַרברענט, נישטאָ!...

און אַזוי דעם דריטן, דעם פערטן און אַזוי אַלע. ווי די משחיתים'לעך קערן זיך אָפּ, דער פּאַק פליט שוין זיין וועג.

ענדלעך, דער לעצטער פּאַק ברענט נאָך, און דער משחית אַליין — אשמדאי קומט אַריין. ברייט, מיט ששון ושמחה; א קלאָג! קיין זכר פון זיינע פּעק! ער קוקט זיך אום, זעט וואָס

עס ברענט, דערזעט ר' לוי יצחק'ן, וואָס וויל שוין צוריק שפּרייזן אין גן־עדן אַריין, — קיין נאַר איז ער נישט, פאַרשטייט ער, ווער און וואָס, כאַפּט ער אים אָן ביי דער האַנט און גיט א געשריי:

— גנב!

הילעכט עס אָפּ!

לויפט מען זיך צוזאַמען פון גן־עדן, עס עפנט זיך די מיטל־טיר; די פּמליא של מעלה קומט אַרויס. דער סניגור הילט אָפּ דאָס פּנים און שפּרינגט אויף.

— וואָס איז דאָ געשען?

דערציילט ער, דער משחית, וואָס עס איז געשען. ר' לוי יצחק'ן האָט ער ממש ביי דער האַנט געפּאַקט, און דער זאַק דער לעצטער ברענט נאָך; דער שווערסטער געווען.

ניכרים דברי אמת; ר' לוי יצחק לייקנט נישט.

געשען איז עס.

פרעגט מען דעם משחית, וואָס ער וויל? וואָס פאַר א פּסק?

האָט ער אויך נישט קיין לאַנגן ישוב. על־פּי דין וויל ער. „ונמכר בגנבתו" שטייט. זאָל מען ר' לוי יצחק'ן פאַרקויפן פאַר א קנעכט; באַלד אויף'ן אָרט, בפּומביה, אין בית־דין שטוב. ווער עס וויל, זאָל קויפן. ער אַליין איז אויך א בעלן! ער וועט שוין אָפּנעמען זיין היזק.

און גערעכט איז ער. דאָס מוז די פּמליא של מעלה מודה זיין; א ליציטאַציע מוז זיין. און פאַרפאַלן, רעכנט מען, וועט ר' לוי יצחק נישט ווערן,—דאָס גן־עדן וועט נישט לאָזן.

און צוויי צדדים שטעלן זיך ביי דער וואָגשאָל: דער משחית פון איין זייט, און דאָס גאַנצע גן־עדן פון דער צווייטער.

ר׳ לוי יצחק שטייט אין דער מיט. גלייך נישט אים מיינט מען דאָס.

און מען הויבט אָן ווארפן פדיון אין די שאָלן אריין; רעכטס און לינקס.

און מען שטייגערט.

די פמליא של מעלה זעצט זיך ביים טיש און קוקט.

טרעט ארויס אברהם אָבינו און ווארפט אין דער שאָל אריין זיין ערשטע מצוה; אלס צולאָג—זיין הכנסת אורחים.

ווארפט נאָך אים יצחק — די עקדה; יעקב — זיין תמימות, זיין זיצן אין געצעלט און לערנען, בשעת עשו איז ארומגעלאָפן מיט כלי־זיין און געשאָסן אין די וועלדער... קומט נאָך יעקב׳ן— רחל און ווארפט די קרייטעכצער — די דודאים אין שאָל אריין. ווארפן אנדערע אמהות, ווארפן דערנאָך צדיקים... יעדערער מיט תשואת חן זיין האָב און גאָב.

האָט אָבער דער משחית באהאלטענע אוצרות אין זיין מלוכה, אז אין לשער ואין לספר. און נאָך יעדן וואָרף אין דער רעכטער זייט, גיט ער א וואָרף לינקס. און זיין שאָל פאלט און פאלט, און ער ווארפט אן אוצר נאָך אן אוצר. פון אונטער דער ערד, פון אונטער די הרי חושך... פון אלע באהאלטענע מקומות אין זיין גאנצער מלוכה... אוצרות — עין לא ראתה! ער מוז אים האָבן, ר׳ לוי יצחק׳ן! פאר א קעסל־הייצער אין גיהנום וועט ער אים מאכן. און גיט נאָך א ריס אראָפ די קרוין פון קאָפ און גיט א וואָרף אין שאָל אריין, כאפט זי א טרייסל און גיט מיט־אמאָל א פאַל, אראָפ, אראָפ...

שלעכט.

דאָס גן־עדן האָט אלץ פארפאסט.

דער לעצטער טרעט צו דער סניגור און ווארפט זיין פעקל

זכיות. די שאָל דערפילט עס נישט. דאָס צינגל גיט קיין מינדסטן ציטער נישט...

און דעם משחית׳ס פּנים פאַרקרימט זיך אויף א נצחונ׳דיגן שמייכל, און אין די אויגן דער נצחון ברענט און פלאַקערט. און די רעכטע האַנט לייגט ער שוין ארויף אויף ר׳ לוי יצחק׳ס אַקסל, און מיט דער לינקער ווייזט ער אים צו דער גיהנום־טיר...

ווערט א מהומה: פאַרשפּילט ר׳ לוי יצחק׳ן... ווערט א רעש, א געטומל: וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?

און דער רעש וואַקסט...

ער וואַקסט און ווערט פּלוצלונג געשפּאָלטן.

פון דער הויך דערהערט זיך א קול.

א קול פון כסא־הכבוד אראָפּ.

— איך קויף אים!

עס ווערט שטיל און דער רבון כל העולם רופט אין דער שטיל־קייט:

— איך גיב מער! „כי לי כל הארץ", איך גיב פאַר ר׳ לוי יצחק׳ן די וועלט!

שוואַרץ איז געוואָרן דעם משחית׳ס פּנים. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס האָט דער אַלטער אונז פאַרציילט פאַר מוסף, און מאָלט אייך, וואָס פאַר א מוסף, וואָס פאַר א ראש־השנה עס איז געוואָרן!

דער קטרוג פאַרברענט! א כתיבה וחתימה טובה אין קע־שענע! ר׳ לוי יצחק — אויסגעקויפט; דער סוד פון „לקונה עבדיו בדין"—אנטפּלעקט...

ס׳איז געוואָרן שמחה שבשמחה.

# כרת

דער אַלטער איז געווען גרויס...

שייך צו זאָגן „גרויס"? הייסט עס, אויף אונזער מאָס גע־מאָסטן?

נאָר עס רעדט זיך אַזוי.

און—אַ באַהאַלטענער געווען.

דהיינו? געזען האָט מען ווייניג: נאָר ווייניג. און דאָס, וואָס מען האָט שוין ממש געזען, האָט מען ערשט נישט פאַר־שטאַנען.

האָט מען זיך געפּרואווט, איז מען אַריינגעפאַלן. אין פלוג, למשל, דאַכט זיך, דאָס האָט ער געמיינט. מאַכט זיך, אין אַ רגע אַרום, אַ מעשה קאַפּויר, — להד"ם! — עס האָט זיך גאָרנישט אָנגעהויבן.

אַ השפּעה האָט מען געפילט, בפועל ממש געפילט: אין דעם איז קיינער קיין רגע נישט מסופק געווען. אַ איד לאָזט זיך אין וועג אַריין צום אַלטן, און וואָס אַ טריט ווייטער פון דער היים, וואָס אַ שריט נעענטער צום צדיק, פילט ער זיך אַלץ געהויבענער, גרינגער, עפּעס ממש פליענדיגער. אַ שטיק נאָך אַ שטיק פאַלט אַראָפּ דאָס גשמיות: מיט יעדן טריט וואַקסט ווי אויף הייוון דאָס רוחניות. באַ, אַ איד האָט נאָר, אַרויסגייענדיג, די מזוזה געקושט, און שוין שמחה! ווייס איך — נאָר־וואָס דאָס פעקל

פון וואנט אראפגענומען, — טלית ותפילין מיט א ביסל צידה לדרך, — א איד האט נאר דערמאנט אן דער נסיעה, ווי זאגט א איד? אם ירצה השם, עס וועט זיין הוצאת הדרך, גיב איך זיך א לאז צום אלטן — און שוין! עפעס האט שוין אינעווייניג אויפגעפלאמט, צעשטראלט זיך, ממש א לעמפל: מען האט אריינגעגאסן פריש בוימל—שמן זית ארייגעגאסן!

אבער, אז דער איד איז געקומען, דער איד איז שוין דא, און ער זעט גארנישט, ממש גארנישט, און דאס מקצת מן המקצת וואס ער זעט, איז דער שכל נישט משיג — פאלט מען אביסל ביי זיך אפ... און א קימא־לן האבן מיר: אז מען פאלט ביי זיך, פאלט מען מיט אן אמת! זעט מען שוין נאך ווייניגער. איז ווייניגער בטחון, ווייניגער אמונה... איז דער מוח נאך ווייניגער תופס און דאס לב נאך ווייניגער משיג...

מאנכע פלעגן טאקע אפפארן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

נעמט, למשל, דאס גערטל.

א גערטל האט דער אלטער געהאט, האט ער עס געהאלטן ארומגעצוימט און אפגעשלאסן.

מאי טעמא? חס ושלום, א צר עין און פארגינט נישט, א איד זאל זיך אפרוען אין שאטן פון זיין בוימל? אדער א ברכה מאכן און דערקוויקן זיך איבער א פרי?

טאפט מען אין דער פינצטער און מען זאגט: די בחינה פון „גן נעול — א פסוק אין „שיר השירים"; „אחותי כלה" איז די כנסת ישראל.

נו, גוט, אבער לשם מה — צו וואס?

זאגט מען אויף יחוד, אויף התבודדות.

יחוד, גוט. א צדיק מוז האבן יחוד, אבער פארוואס אין גארטן, נישט אין שטוב? מען קאן זיך דאך פארשליסן חדר לפנים מחדר, — ווי טוען אלע גוטע אידן?

ענטפערט מען: תחת כפת הרקיע — אונטער'ן פרייען הימל וויל ער יחוד. הימל און ער—און שוין...

אבער ווען קומט ער אין גערטל אריין?

לאזט זיך אויס, אז גיין אין גערטל אריין גייט דער אלטער נאר פאר ימים נוראים, און דווקא ביינאכט, און פאר דער ערש־טער סליחה!

געפינט מען ווייטער א תירוץ: טאקע פאר ימים נוראים. דעמאלט טאקע שמועסט ער זיך אויס אויג אין אויג און ביחידות מיט דער פמליא של מעלה; אן א מחיצה פון א סופיט מיט א דאך.

ליינט זיך עס א ביסל אויפ'ן שכל; ווערט מען אבער געוואר, אז איינמאל, גייענדיג ביינאכט אין גערטל אריין, האט ער מיט־גענומען א שער, א גרויסע גארטן־שער. מען האט זי גאר פריער אויף די אויגן נישט געזען...

ווי קומט התבודדות מיט דער פמליא של מעלה צו'ן א שער? בלייבט מען שטיין!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין גערטל, האט מען געוואוסט, וואקסן עפל־בוימער. אונטער דער שטאט, ביים טייכל, איז פאראן א שטיקל בערגל.

אז מען גייט צו תשליך און מען קריכט אויפ'ן בערגל ארויף, אדער די קינדער, ל"ג בעומר, אז זיי גייען שפאצירן אויפ'ן בערגל —זעט מען דאם גערטל מיט אלע ביימלעך.

געוואוסט האָט מען אויך, אַז נישט אַלעביימלעך אין גערטל זיינען גלייך.

אויף דעם ענין האָט זיך אַמאָל אָפּגעשטעלט איינער פון די מקורבים. צי האָט ער אַליין מער נישט געוואוסט, אָדער נישט געוואָלט מגלה זיין מער, ווי ער האָט געוואָלט,—גערעדט האָט ער—אַזוי, געלאָזט פאַלן אַ פּאָר ווערטער.

אָבער דאָס האָט ער בפירוש געזאָגט, אַז נישט אַלע ביימ־לעך זיינען גלייך.

עס זיינען פאַראַן, זאָגט ער, אילני סרק — ליידיגע ביימלעך, וואָס טראָגן גאָר קיין פּירות נישט. אַ ביימל — אַן עקר, רחמנא ליצלן. און עס איז פאַראַן אַ בוים, וואָס טראָגט שלעכטע פּירות. דער ליידיגער בוים, זאָגט ער, ברענגט, לכל הפחות, זאָגט ער, צו קיין מכשול נישט. דער מיט די שלעכטע פּירות אָבער ברענגט אַמאָל צו'ן אַ ברכה לבטלה. די מראה נאַרט אָפּ, מען מאַכט אַ ברכה, מען כאַפּט אין מויל אַריין און מען שפּייט אויס — אַ ברכה לבטלה געווען! די שלעכטע פּירות אָבער קאָנען האָבן תיקון אין פייער, אויב זיי זיינען גאָר קיין סם נישט: מען קאָכט, מען מאַכט ברכה און מען עסט... אָבער דער אמת'ער „עץ עושה פּרי", ווי אין פּסוק שטייט, גיט גרייטע פּירות. זיי דאַרף מען נישט מתקן זיין; מאַך ברכה און עס פון בוים... און עסנדיג, האָסטו הנאה, און מיט דער ברכה האָסטו געהויבן די פּרי און דורך דער פּרי געבענטשט דעם בוים!... און איז נאָך די פּרי אַ הדר, ווי דער פּסוק זאָגט: תאוה לעינים, דאָס הייסט: אַ פאַרגליסטונג צו די אויגן, — נעמט מען נאָך די פּרי צו פּענער שמחת־תורה, האָט מען פריער דעם תענוג פון הדור מצוה, איז מען מקיים: זה אלי ואנוהו, דערנאָך ערשט מאַכט מען אַ ברכה און—זאָל דיר וואויל באַקומען...

עס איז אָבער, זאָגט ער, פאַראַן נאָך א העכערע מדרגה— די מדרגה פון „תפוח בעצי היער" — די בחינה פון „הכהן הגדול מאחיו" צווישן ביימער — פון אַזאַ בוים — זאָגט ער, און גיט א שמייכל איבער'ן גאַנצן פנים — פון אַזאַ בוים נעמט מען פירות אויף יין צו קדוש און הבדלה...

געזאָגט האָט ער עס, דער מקורב, אין כלליות, אזוי, אין דער וועלט אריין: ערב שבת געווען, שיר השירים געזאָגט, אויפ'ן פסוק זיך געשטעלט...

געוואוסט אָבער האָט מען, אז דער אַלטער מאַכט קידוש און הבדלה נאָר אויף עפּל־וויין, און אז דעם עפּל־וויין מאַכט די רביצין מיט אירע אייגענע הענט און אונטער זיין השגחה... און דווקא פון די פירות פון גערטל...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איז געווען ביי אונז פרוש—א שווייגנדיגער.

דאַוונט, לערנט, און רעדט נישט א וואָרט.

מילא, א איד רעדט נישט, רעדט ער נישט. ער וויל נישט ריידן. בפרט, אז דער איד איז, לא עליכם, א חולה; א כשל ברך; עס איז אים פשוט שווער צו ריידן. אפשר אַזאַ נדר געטאָן; אפשר אַזאַ תשובה, און, א קשיא אויף א מעשה, אפשר א גדר! א איד צוימט זיך ארום פאר אן עברה; אז מען רעדט נישט, זינדיגט מען נישט!

סיי־ווי־סיי, דער פרוש רעדט נישט. איז מען געוויינט צום שווייגנדינן פרוש. ווייסט מען.

מאַכט זיך און דער פרוש רעדט!

און ווען? פאַר דער פטירה!

איינמאָל ביינאַכט, מיין פרוש פאַלט אויף דער באַנק אַנידער, מיר נישט דיר נישט, און הויבט זיך אָן צאַפּלען, — וואָס איז דיר, פרוש־לעבן? שוים איבער'ן מויל!

געוועזן באותו מעמד אין בית־המדרש זיינען מיר זאַלבעדריט: איך און נאָך צוויי אידן. ביינאַכט געוועזן, פאַר סליחות. וואָס איז צו מאַכן? וועט מען ביי'ן אים זיצן, ביז דער עולם וועט קומען; נישט ווייט צו סליחות. דעם אַלטן מודיע זיין; לוינט נישט; ער ווייסט אַליין... אין דרויסן — א ווינט. מילא, ווינט איז ווינט; „אף ברי", ווי אין פיוט שטייט, עס גייט דערצו. זאָלן די שויבן ציטערן... א פיש אין וואַסער ציטערט! הויבט זיך אָבער דער פרוש אויף, דערהערט אַפּנים, קוקט צום פענצטער. ליגט צו דאָס אויער, מאַכט זיך מיט דער פלאַכער האַנט א טראָמפּייטל ביים אויער, — הערט זיך בעסער איין. מען זעט בחוש, ער הערט זיך איין! און פּלוצלונג — ער רעדט! דאָס פנים פלאַמט, די אויגן גרויסן און גרויסן זיך און דאָס מויל איז אָפן און רעדט!

נישט אַלץ כאַפּט דאָס אויער, און נישט אַלץ, וואָס דאָס אויער כאַפּט, קומט אין האַרץ, צי אין מוח אריין, — אַן אימה איז אונז באַפאַלן; איך הער, ווי ביי מיינע חברים קלאַפּט א צאָן אָן א צאָן. איך הער, ווי מיין אייגן האַרץ קלאַפּט.

אָבער א סך איז געבליבן אין זכרון.

— מען דאַרף, — זאָגט ער, און די שוים יאָגט און יאָגט, — מען דאַרף, אַז אַלע ביימער זאָלן זיין גלייך; אַז אַלע זאָלן נתעלה ווערן צו דער העכסטער מדרגה. מיט'ן תוך — צו „עץ עושה פרי", און אין חיצוניות — צו „תאוה לעינים", — שיין און געבענטשט זאָל זיין... שיין און געבענטשט! און אַלע זאָלן געבן יין לקידוש ולהבדלה... און ווער דאַרף עס טאָן? ווער איז

מחויב צו הויבן די אילנות? דער צדיק, זאָגט ער. דער צדיק, ער דאַרף עס טאָן, ער מוז עס טאָן; ער איז דער באַלעבאָס פון פעלד, און פון גאָרטן דער באַלעבאָס...

און ער טוט עס, דער צדיק.

— נעמט — זאָגט ער — דער צדיק הדור, אין דער מסוגל'־דיגער נאַכט, אין דער רעכטער צייט, די שער און גייט אין גערטל אריין, אין אָפּגעשלאָסענעם גערטל אריין.

נעמט ער, זייענדיג אין גערטל, האָבנדיג די שער אין האַנט, אין דער מסוגל'דיגער נאַכט, אין דער רעכטער שעה, און שניידט אָפּ צווייגלעך פון גוטן בוים, און גייט־צו צום שלעכטן בוים, און שטעכט מיט די שפּיצן פון דער שער אין שלעכטן בוים'ס שטאַם אריין, און שטעקט אין שפּאַרע אריין א צווייגעלע פון גוטן בוים... דאָס—זאָגט ער—איז דער סוד פון „הרכבה", פון איבערפלאַנצן דער סוד...

קאָן אָבער — זיפצט ער אָפּ — גאָרנישט געהויבן ווערן אָן יסורים. טוט אלע ווי, וויינען אלע; דער גוטער, ווי דער שלעכ־טער בוים... דאָס גאַנצע גערטל וויינט...

עס וויינט דער גוטער בוים: זיינע צווייגעלעך זיינען אים א שאָד! אויף זיינע קינדערלעך וויינט ער, דער גוטער בוים. אויף זיין נאָמען, וואָס ווערט פון אים אָפּגעריסן, פאַרוואָגלט און אוועקגעטראָגן... דעם סוד פון הרכבה ווייסט ער נישט, אפילו דער גוטער בוים, טרייסטן קאָן ער זיך נישט...

וויינט דער שלעכטער בוים: פאַרוואָס שטעכט מען מיך? איך וויל נישט קיין פרעמד גוטס. עס טוט אים נאָך מער ווי... דעם סוד פון הרכבה ווייסט ער אודאי נישט, פאַרשטייט ער נישט, האָט ער אודאי נישט קיין טרייסט...

ווינט אויך דער גערטנער, וואָס האָט האַרץ פאַר אַלע זיינע ביימלעך, און רחמנות אויף אַלע: פאַרוואָס, ווינט ער, קאָן אָן יסורים גאָרנישט געשען? און פאַרוואָס ווערט דער סוד פאַר די ביימער נישט אַנטפּלעקט?

און טרעפן טרעפט זיך אָפּט: דער שלעכטער בוים נעמט דאָס גוטע נישט אָן; קוים האָט זיך דער גערטנער אָפּגעווענדעט, וואַרפט ער ס'גוטע פון זיך אַרויס, שליידערט עס אַוועק... קומט דער ווינט און הויבט אויף, און טראָגט אַוועק... איבער דעם צוים, אין דער וועלט אַריין, אין הפקר אַריין... ווערט אַ יללה פון די פאַרוואָגלטע: פון דער היים אַרויס, אין ערגעץ נישט געקומען, פון ווינט געטראָגן... נע־ונד, כף־הקלע... אין הפקר־אַריין...

און ער פאַלט צוריק אַרונטער, דער פרוש...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איז אין הויף ביים אַלטן אַ תינוק געווען — אַ אינגעלע אַזוינס, „ינוקא" האָט מען אים גערופן — אַ מיחוש אין קעפּעלע... מען האָט אים אַמאָל צום אַלטן געברענגט און עפּעס איבערגע־לאָזט. דרייט עס זיך אַרום אין הויף. אַ אינגל מיט אַ מיחוש: נישט ער דאַוונט, נישט ער לערנט, נאָר אויגאַנים עפּעס אַזוינע גרויסע — ער קוקט און עפּעס ווערט מען פון קוק ממש אומ־רואיג, עפּעס אַ האַרבע קשיא קוקט אויף אייך, עפּעס אַ צער פון אַן אייביגן תיק"ו... גיי וויים — און גיי טרייב אים, אַז דער־אַלטער, ווען ער גייט אים פאַרביי, לייגט ער אים די הענט אויפ'ן קעפּל...

און בשעת ווען דער פרוש איז אַזוי אַרונטערגעפאַלן מיט'ן קאָפּ, און דאָס מויל האָט געשווימט, און די לעפצן האָבן אַליין

אינאיינעם געברומט: צער. נאָר מיט יסורים... דער ווינט טראָגט, מחוץ למחנה, הפקר — — —

עפנט זיך פלוצלונג די טיר מיט א רעש, פאַלט אריין דער תינוק, פאַרציטערט; די אויגן פול טרערן, ער זעט גאַרנישט, ווי ער גייט. די הענט וואַרפן זיך, אין די הענט וואַרפט זיך א צוויינל. דער ווינט, זאָגט ער, האָט פאַרטראָגן. פון גערטל אַרויס, איבער דעם צוים געשליידערט... און צעוויינט זיך פלוצלונג אויף א קול מיט א יללה:

— כרת! כרת!...

גיי יוויס...

# אנטפלעקט

## קאַפּיטל 1

גנענדל, למך און ביילקע
די זעלנערקע.

איז—א צייט מיט יאָרן צוריק,—געקומען צו אונז אין שטעטל אריין אן אַלט פּאָר־פאָלק, א אידל—למך און אן אשה—גנענדל.

געקומען, איין גאָט ווייסט פון וואנען, און אָן קינדער. גע־האט און אויסגעגעבן, צי, נישט פאר אייך געדאכט, פארלוירן, און אפשר גאָרנישט געהאט, א קשיא אויף א מעשה ? !

און געקומען זיינען זיי פארנאכט. האָבן זיי איבערגענעכ־טיגט אין אורחים־הויז, און געגאנגען באַלד צומאָרגנס אינדער־פרי, זוכן א דירה אין ליימענעם געסל, וואו די אָרימעלייט וואוי־נען...

האָבן זיי געפונען א ליידיג קיכל מיט א פינצטער אַלקירל — די שכנים פון דאָרט האָבן זיך גראָד געלאָזט אויף דער וועלט אויף הכנסת כלה, — האָבן זיי זיך דאָרט באזעצט, אויסגעפּאקט דאָס הילצערנע קעסטל מיט צוויי קייבערלעך, און וועלכן עס זיי־נען גאַנץ גרויס געלעגן זייערע אַלע זיבן זאכן, באקומען שטרוי אין זעק אריין צום געלעגער און ארויסגעגאנגען זוכן פרנסה...

איז למך געגאנגען זיך איינשרייבן אין דער חברה „תהילים־זאָגער” און באַלד נושא חן געווען ביי די גבאים אין די אויגן :

א אידל א שטילס, א קליינס; פיכטע אייגעלעך און כמעט א ווייבעריש קול׳כל — עס וועט אַנכאַפּן ביים האַרץ...

און גנענדל — א אידענע, ווי מען זאָגט ביי׳ן אונז, — א „פּאַסטומענט" און מיט הענט און פּיס, און א קול פון א מאַנס־פּארשוין,—האָט זיך, נאָך דעמזעלבן טאָג, געמאַכט א פּלאַץ צווי־שען די פּאַרקויפערינס אין מאַרק, און באַלד, מיט זיין ליבן נאָ־מען׳ס הילף, עטלעכע מציאות געקויפט...

שלענדערט זיך די גרויסע גנענדל איבער׳ן מאַרק, איבער די גאַסן... קומט שוין אין אַלע הייזער אריין; וואַרפט זיך אומע־טיג אין די אויגן אריין. און דאָס קול גייט פון איין עק שטעטל צום צווייטן...

און למך, אויב ער האָט קיין פאַרדינסט נישט—זעט אים נישט קיינער, הערט אים נישט קיינער... זיצט ער זיך, ביי׳ן א גראָשנדיג ליכטל, אניט — ביי׳ן א קינדל, ביי זיך אין אַלקערל און זאָגט זיך תהילים פאַר זיך.

האָט ביילקע די זעלנערקע, — א פריילעכע זאַך, אן עגונה, וואָס וואוינט אין א ווינקל אין דער גרויסער שטוב, וואַנט־אָן־וואַנט מיט׳ן פּאַר־פּאָלק — אים פאַר זיין שטילקייט גערופן: למכ׳ל, און זי, דעם פאַסטומענט, פאַר איר גרויסקייט: גנענדויל; איז אַזוי שוין געבליבן, האָט מען זיי שוין אַזוי גערופן אינ׳ם גאַנצן שטעטל...

האָבן טירן און ווענט פון די הייזלעך אין ליימענעם געסל שפּאַלטן און לעכער, און שכנים און שכנות — אויגן און אויערן, קוקט מען און מען הערט אונטער. מען וויל וויסן, ווי אַזוי אַזא פּאַסטומענט ג—נ—ע—נ—ד—ו—י—ל לעבט מיט אַזא שטיל און קליין למכ׳ל...

קוקט מען און מען גאַפט: הערט מען אונטער און מען

שטוינט: אינדערהיים איז די אידענע גאָר קיין פּאַסטומענט נישט, נאָר א פּשוט'ע שטילע גנענדל. למכ'ל זיצט אין אַלקירל ביי זיך. זי קומט זיך פאַרנאַכט שטיל אריין. ליינט שטיל אָן א פייער, שטעלט צו איר טעפּל קאַרטאָפליעס, צי אַן אנדער מאכל; שטייט, כל זמן עס קאָכט זיך, שטיל ביים אויוון, שטריקט זיך איר זאָק, וואַרפט נאָר פון מינוט צו מינוט א ליבהאַרציג אויג צו דער טיר פון אַלקירל — עפּעס א ליבהאַרציגע, שטילע טויב! דער־נאָך, אַז עס ווערט פאַרטיג, צעוואַרפט זי דאָס פייער, דעקט צום טיש, פאַרגרעסערט דאָס לעמפּל, גייט שטיל צו צום טירל פון אַלקירל, פּויקט שטיל אָן מיט א פינגער, אריין גייט זי נישט, און טרעט אָפּ אָן א זייט, און לאָזט דורך למכ'לען, וואָס קומט אַרויס, מיט א שמייכעלע... און דאָס פּאָר־פּאָלק וואַשט זיך, און מאַכט המוציא, זי גיט אויף, און מען עסט, און מען בענטשט אין דער שטיל...

דערנאָך הויבט ער זיך שטיל אויף און גייט ווייטער מיט א שמייכעלע צוריק אין אַלקירל אריין; זי שטעלט זיך אויף, שטייט א ווייל, און קוקט אים נאָך, ביז ער פאַרמאַכט הינטער זיך דאָס טירל. און ציט באַלד צוריק אריין די קנויט פון לעמפּל, און נעמט זיך צו וואַשן דאָס געפעס...

מאַכט ביילקע די זעלנערקע דאָס נאָך, האַלט מען זיך ביי די זייטן...

# קאַפּיטל 2

גנענדל זעט אַ גרויס ליכט
און שטעלט לוידיגע טעפּ
אין אויוון אַריין.

טרעפט זיך אַמאָל און גנענדל דער פּאַסטומענט האָט נישט מיט וואָס אויסצופירן דעם שבת, גייט זי אויך צו, קלאַפּט שטיל אָן אָן טירל פון אַלקירל; דערהערט למכ׳ל און קומט אַרויס. זאָגט זי אים, כמעט זינדיג און פאַרשעמט, אַז עס פעלט איר דאָס און דאָס... טאָמער — טראַכט זי — פאַרוואַלגערט זיך עפּעס ביי אים אין קעשענע.

זוכט ער און געפינט נישט, און זיפצט שטיל אָפּ, און זאָגט מיט אַ ליב שמייכעלע, אַז גאָרנישט, גאָט איז אַ פאָטער, און גייט צוריק...

און גנענדל, זעט אויס, האַלט עס פאַר אַ סגולה בדוקה, אַז אַזוי ווי זי וועט אַרוים פאַר דער טיר, וועט זי שוין עפּעס פאַרדינען, וועט איר שוין זיין ליבער נאָמען עפּעס צושיקן...

טוט זי אַזוי.

מאַכט דאָס ווייטער נאָך ביילקע די זעלנערקע, קייכט מען. איז מען איר אפילו מוחל אין דעם זכות דאָס דירה־געלט, וואָס זי איז שולדיג פאַר׳ן ווינקל, וואָס זי פאַרנעמט צווישן עולם, אין דער גרויסער שטוב: גיי, וואַרף אַרוים די פריילעכע עגונה! אַ פינצטערע מרה־שחורה וואַלט געבליבן אין שטוב, און עס גייען אַזוינע לאַנגע ווינטער־נעכט...

ווייסט גנענדל פון דעם אַלעם. צי זי מאַכט זיך יאָ, צי זי

מאכט זיך נישט דערפון, שווייגן שווייגט זי...

האָט זיך איינמאָל געטראָפן אזא מעשה!

גנענדל האָט ווייטער פארפעלט אויסצופירן דעם שבת, איז זי, לויט איר שטייגער, שטיל צוגעגאַנגען צום טירל פון אַלקירל,— פּויקט זי מיט'ן פינגער: איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל — למכ'ל קומט נישט ארויס.

ווערט זי א ביסל אומרואיג, עפנט זי דאָס טירל אויף א קליינע שפּארע, זייער זאכט און פּאמעלעך עפנט זי, אן אשה,— דרך ארץ פאר א מאן! און אפשר האָט איר דאָס הארץ פון א אידענע געזאָגט, אז דאָרט אינ'ם אַלקירל איז עפּעס נישט אזוי פּשוט... עפנט זי זאכט און שטיל אויף א שפּארע א שמאָלע...

דערזעט זי: אין אַלקירל, וואָס האָט קיין פענצטערל נישט, ברענט נישט: נישט קיין קינדל, נישט קיין ליכטל, גאָרנישט; און ליכטיג איז — א גרויסע שיין, א גרוים ליכטיגקייט... און אין דער גרויסער ליכטיגקייט זיצט למך, אין עפּעס א ספר פאר־קוקט, און הערט זי נישט, און זעט זי נישט...

האָט זי א געשווינדן ישוב, נעמט זי און מאכט שטיל צוריק צו דאָס טירל.

— איך וועל אים נישט מבטל זיין, — טראכט זי, — וואָס מיר פעלט, ווייסט ער, מן הסתם, אַליין...

און — ליכט צום בענטשן האָט זי, חלה אויף המוציא איז דאָ, וועט זי אויפ'ן ערגסטן פאַל יוצא זיין!

אָבער כדי די שכנות זאָלן נישט וויסן, וועט זי איינהייצן אין אויוון! —

און אַז זי דערמאָנט זיך, אַז זי האָט קיין האָלץ נישט, פּאלט

זי אויך ביי זיך נישט אָפּ. כאַפּט זי אַרויס דאָס שטרוי פון זאַק, אויף וועלכן זי שלאָפט, און הייצט איין — יאָגט אַרויס אַ פלאַם, שמייכלט זי:

— „זאָלן זיי זען דורך די שפּאַלטן!"

און כאַפּט באַלד טעפּ און פילט אָן מיט וואַסער, און ראַסלט מיט די טעפּ ביים קוימען, און פּראַסלט, און שמייכלט ווייטער:

— זאָלן זיי הערן!

און נעמט די אָנגעפילטע טעפּ, און שטעלט אין אויוון אַריין און פאַרמאַכט מיט'ן ברעטל, און פאַרקלעפּט מיט ליים —

און גייט אַרויס ברייט, מיט פאַרלייגטע הענט פאַר דער טיר— שבת געמאַכט!

---

## קאַפּיטל 3

א נעפּל,—די שטוב דרייט
זיך און דער שבת־גוי קומט.

ווי אַזוי פרייטאָג־צו־נאַכטס איז צוגעגאַנגען, —

וואָס גנענדל האָט געגעבן למך'לען, איר מאַן, צו עסן, —

ווי אַזוי זי האָט זיך געשפּירט ביים טיש, פילנדיג, אַז הינטער אירע פּלייצעס זיינען די לעבער און שפּאַלטן פון פרייסישן ווענטל אין דער גרויסער שטוב, צו די שכנות אַריין, פול געפּראָפּט מיט אויערן און אויגן...

און ווי אַזוי זי איז איבערגעשלאָפן די נאַכט אויפ'ן לערן זאַק, אָן אַ צייכן פון שטרוי,—

דאָס אַלץ מאַלט איך אַליין.

נאָר חרטה אויפ'ן גאַנצן עסק האָט זי שוין געהאַט... זי פאַרשטייט שוין, אַז זי האָט די שכנות נישט אָפּגענאַרט.

אונטער'ן ווענטל שושקעט מען און מען סוד'עט זיך; און אַ פאַרשטיקט געלעכטער הערט זיך, און די זעלנערקע האַלט עפּעס איין דעם עולם: „מאָרגן", זאָגט זי אַלץ־אין־איינעם: „מאָרגן! געדענקט נאָר צו שיקן דעם שבת־גוי..."

און אָנגעהויבן האָט זיך עס טאַקע מאָרגן, באַלד נאָך דער שול.

גנענדל קומט אַהיים פון שול, טרעפט זי ביילקע די זעלנערקע ביי זיך.

ווארט אויף איר ביילקע די זעלנערקע אינמיטן קיך, דאָס פּנים'ל צעשמייכלט, די אַראָפּגעלאָזטע ברעמען האַלטן קוים איין די פונקען, מיט וועלכע עס שפּריצן די לאַכנדיגע אייגעלעך, און די הענטלעך האַלט זי אונטער זיך; זי באַהאַלט עפּעס.

גיט עס, מן הסתם, גנענדל'ען אַ קלאַפּ אין האַרץ: עס הויבט זיך אָן דאָס אָפּקומעניש.

פאַרגעסט זי פונדעסטוועגן נישט, וואָס היינט איז, און זאָגט:

—גוט שבת!

ענטפערט איר די זעלנערקע זיס־חנופה'דיג:

— גוט־שבת, גנענדעלע, גוט־יאָר אייך... ווייסט איר, וואָס איך וואַרט אויף אייך?

ציטערן ביי גנענדל'ען די ליפּן און ענטפערן קאָן זי נישט; קיין וואָרט קאָן פון האַלז נישט אַרויס.

זאָגט די זעלנערקע ווייטער:

— איר ווייסט דאָך אודאי, אַז זינט מיין וועלוול איז פאַר־

פאַלן געוואָרן ביי די זעלנער, מאַך איך פאַר מיר קיין שבת נישט... כאַפּ איך דאָ א ביסן, דאָרט א ביסל זופּ...

— מיינט איר, זיי פאַרגינען מיר, די שכנות?

— ווייס איך דאָך, א גוט־האַרץ איר האָט, גנענדעלע, און געהערט האָב איך, ווי איר האָט נעכטן געראַסלט און געפּראַסלט מיט די טעפּ, פאַרשטיי איך דאָך, אז זיין ליבער נאָמען האָט אייך א גוטן שבת באַשערט, בין איך צו׳ן אייך מיט מיין לעפל געקו־מען...

און כאַפּט די הענטלעך מיט׳ן בלעכענעם לעפל אַפּער..

וויל שוין גנענדל מודה זיין אויפ׳ן אמת, זאָל זיין אַן עק פון אַפּקומעניש פאַר׳ן אָפּנאַרן, צוליב א נאַרישער בושה; עפנט זיך אָבער באותו הרגע אויף די טיר, הערט זיך איר למכ׳לס זיסער, שטילער, „גוט שבת״, און נאָך אים א „גוט שבת״, פון אַן אורח, וואָס למכ׳ל האָט מיטגעבּרענגט... א איד מיט א ווייסער באָרד, מיט עפּעס אַזוינע אויגן...

ענטפערט גנענדל:

— גוט שבת, גוט יאָר! — שוין נישט מיט איר קול...

און אז למכ׳ל זאָגט צו׳ן איר:

— זעסט, גנענדעלע, דער איד האָט א שלעכטן פרייטאָג־צו־נאַכט געהאַט... אריינגעפאַלן צו׳ן א קמצן... האָב איך אים צו דיר געבּרענגט...

דרייט זיך שוין אַרום איר די שטוב.

און דאָ עפנט זיך די טיר און א חברה שכנות שטופּט מיט גרויס געלעכטער אריין דעם שבת־גוי, ער זאָל עפענען דעם אויוון.

# קאַפּיטל 4

למכ׳ל—למך—רב למך.

איז שוין איבערגעפּולט געוואָרן די מאָס.

גיט גנענדל א געשריי פון הארץ ארויס:

— ניין! ניין!

און לויפט צו צום קוימען־אויוון, און פארשטעלט אים מיט זיך פאר׳ן שבת־גוי—זי וועט נישט לאָזן!

דעמאָלט איז למכ׳ל עפּעס פלוצלונג, ווי פארביטן געוואָרן. ער האָט זיך אויסגעגלייכט, מיטאמאָל אויסגעוואקסן און גרויס געוואָרן, און מיט זיין שטיל און זיס, אָבער פעסט געוואָרן קול, זאָגט ער:

— מען דארף, גנענדל! מען דארף האָבן בטחון אויף זיין ליבן נאָמען... אויב נישט אונז צוליב, דעם אורח צוליב, שבת־קודש צוליב...

מאכט עפּעס דאָס קול זיינס א וואונדערלעכן רושם אויף אלע.

ווערן די ווייבער אין דרויסן פלוצלונג שטיל. דערשרעקט זיך עפּעס די זעלנערקע און וויל אַרויס פון שטוב.

רוקט זיך גנענדל פון קוימען־אויוון אָפּ.

און למך שמייכלט און פאַרהאַלט די זעלנערקע:

— בלייב, אידענע! — זאָגט ער, — אז עס וועט זיין, וועט זיין פאר אלע —

זי בלייבט; גנענדל פלאַטערט...

און דער שבת־גוי עפנט, און פון אויוון יאָגט ארויס א פארץ,

און עס צעטראָגט זיך א ריח פון א טשאָלנט, ווי ביים גרעסטן גביר, אויף אַלע אידן געזאָגט אזא טשאָלנט...

און מען האָט קידוש געמאַכט, געוואַשן זיך און געגעסן, און פיינע זמירות געזונגען, און געלאָזט זיך וואויל גיין...

און, צווישן איין זמר און דעם צווייטן, האָט זיך למך מיט א שמייכעלע געווענדט צום אורח און אַזוי געזאָגט:

— זעט איר, ליבער אורח, — זאָגט ער, — ווייזנדיג אויף דער זעלנערקע, — די אשה, וואָס זיצט אַצינד אַזוי שטיל און ציכטיג ביים טיש, איז שטענדיג א לאַכנדיגע, א חוזק־מאַכערין א גרויסע, קרימט יעדערן נאָך — —

בייט זיך ביי דער זעלנערקע, נעבעך, אויפ'ן פנים די פאַרב. און למך שמייכלט און זאָגט ווייטער:

— מיינט איר אפשר, חס ושלום, א פאַרשייטע איז זי? דוקא נישט. א אידישע טאָכטער, א צנועה. אַלא וואָס? נעבעך אַן עגונה געוואָרן... איר מאַן איז ביי די זעלנער פאַרפאַלן געוואָרן אין טיף רוסלאַנד, נעבעך... טוט זי עס צוליב פרנסה... איז זי דערמיט נושא־חן ביי לייט, קריגט זי א ביסן ברויט דערפאַר, לאָזט מען זי אַריינשטעקן דעם לעפל אין א פרעמדער שיסל...

פרעגט דער איד, ווי ער הייסט, איר מאַן?

זאָגט מען: וועלוול, און מען גיט סימנים...

און דער אורח, ווייזט זיך אויס, קומט פון הינטער וויטעבסק, נעזען אַזוינעם —

געהער שוין אָבער דאָס צו'ן אַן אַנדער מעשה'לע —

נענוג — למכ'ל איז צוריק געוואָרן למך, דערנאָך — ר' למך, שפּעטער דער רבי ר' למך...

אנטפּלעקט געוואָרן!